# פאַרבאַמערקונג

דאָסדאָזיקע ביכל אַנטהאַלט אין זיך אַ סעריע אַרטיקלען, וואָס זיינען דערשינען אין דער תל־אביב׳ער טאָג־צייטונג פון די ישראל אַרבעטער „דבר", אין די חדשים יאַנואַר—מערץ 1953. זייער הויפּט אויפגאַבע איז: פּרעציז כאַראַקטעריזירן, וואָס זיינען היינט־צו־טאָג אינדער׳אמת׳ן דער „השומר הצעיר" און מפ״מ, בעיקר וועגן דעם קאָמוניזם און ציוניזם פון „השומר הצעיר".

אין פלוג קען עס אויסזען מאָדנע, וואָס דער „השומר הצעיר" און מפ״ם זאָרגן נישט אַליין פאַר אַזאַ קלאָרער און וואָס ברייטערער עפנטלעכער אויפקלערונג, איבעראַל, וואו זיי טרעטן־אויף און זיי ווירקן. דער פאַקט, וואָס דאָס געשעט נישט תמיד און נישט איבעראַל גלייכאַרטיק, און גאָר אָפט באַמיען זיי זיך מער נישט־צו־דערזאָגן ווי צו־זאָגן, האָט צוגעגעבן דערדאָזיקער אַרטיקל־סעריע אַזוי פיל באַדייטונג און אַקטואַליטעט, און מ׳האָט זי געלייענט מיט אַזאַ גרויסער שפּאַנונג. די אַרטיקל־סעריע איז אויך דערשינען אין ישראל אין אַ באַזונדער ביכל, אינם פאַרלאַג פון מפלגת פועלי ארץ־ישראל.

דידאָזיקע אויפקלערונג איז אין חוץ־לארץ נישט ווייניקער וויכטיק ווי אין ישראל. אויף וויפל עס רעדט זיך וועגן דער צוויי־פּנים׳דיקייט פון „השומר הצעיר"; וועגן באַנוצן דעם סגי־נהור־לשון, כדי די אידישע ענפעטלעכקייט און די אידישע יוגנט זאָלן זיך נישט אָריענטירן וועגן אמת׳ן מהות פון „השומר הצעיר" און דער ראָל פון מפ״מ, האָט דער וועג פון נישט־דערזאָגן אָנגענומען דוקא אין חוץ־לארץ אַזעלכע פאָרמען, וואָס אין אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן זיינען זיי ביז איצט נישט באַנוצט געוואָרן. דעריבער איז דאָרטן די אויפקלערונג אַזוי שטאַרק וויכטיק.

די גרופּן וואָס האָבן מיט מער ווי 5 יאָר צוריק געבילדעט אין ישראל מפ״מ — „השומר הצעיר", „לאחדות העבודה" (סיעה ב׳, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן פון מפא״י) און לינקע פועלי ציון — האָבן זיך עד היום אין חוץ־לארץ (דאָרט ווי זיי עקזיסטירן) נישט פאַראייניקט. „השומר הצעיר" עקזיסטירט אין פאַרשידענע לענדער זעלבסשטענדיק און די לינקע פועלי ציון (דאָ־און־דאָרט מיט אַ צוגאָב פון „לאחדות העבודה") האָבן אין די זעלבע לענדער אויך זעלבסטשטענדיקע גרופּן. עס איז נישט אונזער אויפגאַבע צו אונטערזוכן, אויב דאָס געשעט צוליב טיפערע מיינונג־פאַרשידנקייטן אָדער צוליב טאַקטישע אויסרעכנונגען. אָבער די אידישע עפנטלעכקייט דאַרף וויסן, אַז ביידע גרופּן זיינען פול און גאַנץ פאַרבונדן מיט מפ״מ, דערציען אין איר גייסט און אויך די גרופּע, וואָס האַלט זיך אין חוץ־לארץ אין אַ דיסטאַנץ פון „השומר הצעיר", טראָגט די פולע פאַראַנטוואָרטונג פאַר אַלע האַנדלונגען פון מפ״מ, אין וועלכער „השומר הצעיר" איז דער אידעאישער טאָן־געבער און דעצידירנדיקער פאַקטאָר ביידע גרופּן זיינען, לכן, פאַקטיש, אידענטיפיצירט און פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם וועג פון „השומר הצעיר" און מפ״מ, וואָס ווערט אַזוי קלאָר געשילדערט אין דעם ביכל.

די אַכט אַרטיקלען אין דעם ביכל זיינען געשריבן נאָך פאַרן טויט פון סטאַלין, נאָר דאָס לעצטע קאַפּיטל — די דערגאַנצונגען, זיינען דערשינען סוף חודש מערץ. אין דעם ביכל ווערט אַסך דערמאָנט דער פּראַגער פּראָצעס און דער מאָסקווער בלבול קעגן די דאָקטוירים.

דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און דעם „דזשאָינט". די סענסאַציאָנעלע ווענדונג פון דער מאָסקווער רעגירונג בנוגע די באַשולדיקטע דאָקטוירים און זייער באַפרייאונג, אָנהויב אַפּריל 1953 (אגב, וועגן צוויי פון די אַרעסטירטע דאָקטוירים האָט מען נישט געמאָלדן, אַז זיי זיינען באַפרייט געוואָרן. ווייזט אויס אַז זיי לעבן נישט מער), פאַרקלענערט נישט מיט קיין האָר די וויכטיקייט און אַקטואַליטעט פון דער אויפקלערונג אין דעם ביכל. דידאָזיקע ווענדונג אין מאָסקווע שוואַכט נישט אָפּ די ריכטיקייט פון דער אַלגעמיינער כאַראַקטעריזירונג פונם איצטיקן רעזשים אין ראַטן־רוסלאַנד. זי איז נאָר אַ צוגאָב־באַשטעטיקונג דערפאַר, ווי פון דער עפענטלעכקייט נישט באַקאַנטע און נישט קאָנטראָלירבאַרע כחות באַשטימען אין רוסלאַנד דעם גורל פון יחידים און מיליאָנען. וואָלט דער מחבר געשריבן זיין אַרטיקל־סעריע אין חודש אַפּריל 1953, וואָלט ער, אָן־אַ־ספק, באַוויזן צו ברענגען אסך אינטערעסאַנטע פאַרגלייכן פון דעם אופן ווי געוויסע קרייזן האָבן „פּראָטעסטירט" קעגן די מאָסקווער בלבולים ביז אָנהויב אַפּריל 1953 און ווי מען האָט געפייערט די מאָסקווער „גערעכטיקייט" נאָכדעם, ווי פון דאָרטן איז געקומען דער צייכן.

פאַראַן אידישע קרייזן אין חוץ־לארץ, אויך צווישן גוטע פריינט און פאַרבינדעטע פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס קוקן אויף דער מאָסקווע־אָריענטאַציע פונם „השומר הצעיר" און מפ"מ ווי אויף אַ מין פאַרבייגייענדיקער „קינדער־קראַנקהייט", וועלכע מען דאַרף נישט נעמען ערנסט און, לכן, דאַרף מען אויך נישט קעגנווירקן. דאָס איז אַ פאַלשער, שעדלעכער און געפאַרפולער צוגאַנג. זיי אַלע עצה'ן מיר לייענען אויפמערקזאַם דאָס ביכל און האָפנטלעך וועלן זיי אויך לערנען דערפון.

**די ארויסגעבער**

תל־אביב, יולי 1953

## א. ווען פאַרטיידיקט מפ״מ דעם ציוניזם?

„פאר דער פאַרטיי שטייט די פראַגע: וואָס איז אונזער שטעלונג לגבי דער ציוניסטישער באַוועגונג, וואָס איז געוואָרן אַן אַקטיווער אינסטרומענט אין די הענט פון דעם ענגליש־אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם. עס איז קלאָר, אַז דידאָזיקע פראַגע איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין איר גאַנצער שאַרפקייט, אָבער גלייכצייטיק איז דאָס אויך זייער אַ דעליקאַטע פראַגע, ווייל יעדער אָנגריף אונזערער קעגן דער ציוניסטישער באַוועגונג קען ברענגען צו אַן איבערייס פון דער פינאַנציעלער אונטערשטיצונג, וואָס עס באַקומען די מפ״מ־קיבוצים״.

א ר י ה

(אין ביולעטין פון דער „השומר הצעיר ארגאַניזאַציע אין ישראל״, נ. 5)

1. אורן איז אומשולדיק — סלאַנסקי איז אַן אימפּעריאַליסטישער מערדער

דער חבר מ. אורן פון „השומר הצעיר״ איז אומשולדיק. ער איז געטריי דעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם און דעם ראַטנפאַרבאַנד. סלאַנסקי, סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי און דער לאַנגיאָריקער פאַרטרויאונגסמאַן פון קרעמל — ער איז אַ פאַרעטער, אַ שפּיאָן, אַן אַגענט פון די אימפּעריאַליסטן, אַ מערדער. דער חבר אורן איז זיין גאַנץ לעבן געווען געטריי דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וועלכע ווערט פאַרווירקלעכט אין ראַטנפאַרבאַנד און ער איז איר פאַרבליבן געטריי ביזן היינטיקן טאָג, טראָץ די באַשולדיקונגען, וואָס זיינען קעגן אים אַרויסגערוקט געוואָרן אויפן געריכטס־פּראָצעס אין דער פאָלקס־דעמאָקראַטיע. סלאַנסקי האָט די גאַנצע צייט אָפּגענאַרט זיין פאַרטיי אין טשעכאָסלאָוואַקיע און די הערשער פון קרעמל, צוזאַמען מיט זייערע צענדליקער טויזנטער געהיים־אַגענטן; מיט זיין פאַלשקייט האָט ער זיך דערוואָרבן דעם גלויבן פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין טשעכאָסלאָוואַקיע און אין מאָסקווע און אַזוי אַרום איז ער געוואָרן פאַרטיי־סעקרעטאַר, זייענדיק פאַקטיש אַן אַמעריקאַנער שפּיאָן און אַגענט. אורנ׳ס „מודה זיין זיך״, אַז ער איז געווען אַן אימפּעריאַליסטישער שפּיאָן איז גאָר אַן אופגעצוואונגענע זאַך פון קאָמוניסטישן פּראָקוראָר אין פּראַג און פון דער תפיסה־מאַכט און דעריבער, קען מען עס נישט אָננעמען ווי אַ געריכטלעכן באַווייז קעגן אים. גאָר אַנדערש איז בנוגע סלאַנסקי׳ס „דערקלערונגען״. זיי זיינען אמת׳דיק און ער האָט זיי אָפּגעגעבן אָן שום דרוק, און זיינען דינען ווי אַן אַבסאָלוטער באַווייז פון זיין שולד און פאַרעטערישקייט; נאָכמער, סלאַנסקי׳ס „מודה זיין זיך״ איז געמאַכט געוואָרן מיט זיין גוטן ווילן, כדי צו העלפן דער באַוועגונג, וועלכע ער האָט אָפּגענאַרט און פאַרפירט אין פאַרלויף פון אַזוי פיל יאָרן. און קיינער שטעלט נישט די פראַגע: פאַרוואָס זיינען דידאָזיקע

פאַרעטער, וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייערע חברים אַזוי פיל יאָרן, געוואָרן אַזוי לייטזעליק נאָכדעם, ווי מען האָט זיי געכאַפּט ביי זייער „פאַרעטערישקייט״? די „פּראָצעסן״ אין אַלע פאָלקס־דעמאָקראַטישע לענדער קעגן די פירער פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, קעגן די חברים פון לעניג׳עז און הויפט־פירער פון קאָמינטערן, דאָס אויספירן די טויט־שטראָפן איבער זיי, ווי פאַרעטער, צעשטערער, שפּיאָנען און רוצחים, אָמעריקאַנישע אימפּעריאַליסטישע אַגענטן — אָט די אַלע פּראָצעסן ווערן שטענדיק אַדורכגעפירט אויפן סמך פון ריינעם צדק, יושר און אמת. אָבער די באַשולדיקונג קעגן די חברים פון „השומר הצעיר״ — נחומי, בן שלום און אורן * — איז אַ רעזולטאַט פון אַ פאַרדריסלעכן טעות. נאָר אויסגעשפּראָכענע און עפנטלעך־באַקאַנטע קאָמוניסטן־פירער, וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייער גאַנץ לעבן פאַרן „רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם״ אין די קאָמוניסטישע רייען — זיי זיינען פעאיק צו זיין אין געהיים און באַהאַלטע־נערהייט שפּיאָנען און שעדיקער, אָבער נישט די חברים פון „השומר הצעיר״, וואָס כאָטש זיי האָבן זיך נאָך נישט עפנטלעך איינגעגלידערט אין דער רעוואָלוציאָנערער וועלט און זיינען נאָך נישט אָנערקענט געוואָרן אַלס „רעוואָלוציאָנערן״ דורך דער קאָמוניסטישער וועלט — זיינען זיי פאַרבליבן ריין, אַפילו. נאָך דער באַשולדיקונג מצד די גערעכטיקייט־פּראָצעסן פון דער פאָלקס־דעמאָקראַטיע, און אַפילו אויך נאָך זייער מודה זיין זיך.

קיינער פון אונז צווייפלט נישט, אַז אורן האָט זיך „מודה״ געווען נישט פון זיין אייגענעם ווילן און אַז ער איז נישט געווען קיין שפּיאָן, פּונקט ווי מיר זיינען אַבסאָלוט איבערצייגט, אַז סלאַנסקי און זיינע חברים, וואָס זיינען דערמאָרדעט געוואָרן אין פּראָג, זיינען נישט געווען קיין שפּיאָנען און שעדיקער און נישט קיין ציוניסטישע אַגענטן, טראָצקיסטן, אַמעריקאַנער. אָבער קיינער אין „השומר הצעיר״ און אין מפ״מ פאַרטיידיקט נישט דידאַזיקע קרבנות, און מפ״מ אָנערקענט דעם פּראַגער פּראָצעס אין אַלגעמיין, האַלטנדיק, אַז סלאַנסקי, קלעמענטיס און זייערע חברים פון די הויפּט־פירער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין טשעכאָסלאָוואַקיע זיינען טאַקע געווען פאַרעטער און שפּיאָנען.

---

* מ. נחומי, איינער פון די רעדאַקטאָרן פון „על המשמר״, די טאָג־צייטונג פריער פון „השומר הצעיר״ און איצט פון מפ״ם, איז בעת דעם „רייניקונג־משפּט אין בולגאַריע קעגן קאָסטאָוו, דערמאָנט געוואָרן אַלס אימפּעריאַליסטישער שפּיאָן און רענעגאַט. „השומר הצעיר״ האָט אים גענומען אין שוץ אָבער גלייכצייטיק געזאָגט אמן צום גאַנצן משפּט. מ. נחומי איז ווייטער אין „על המשמר״ דער פרשן פון די אויסן־פּאָליטישע פּאַסירונגען און פאַרטיידיקט פרום אַלע משפּטים קעגן „שפּיאָנען און רענעגאַטן״, אויב זיי האָבן נישט געהאַט דעם מזל צו זיין חברים פון „השומר הצעיר״.

רפי בן־שלום (פרידל), אַן אַקטיווער חבר פון „השומר הצעיר״ אין דער טשעכאָסלאָוואַקיי, איצט אין ישראל, איז געווען במשך עטלעכע יאָר דער סעקרעטאַר פון אונזער געזאַנדשאַפט אין פּראָג. אינם סלאַנסקי־פּראָצעס, האָט מען אויך אים דערמאָנט אַלס איינעם, וואָס האָט געהאָלפן די „שפּיאָנען און רענעגאַטן״. אויך אים האָט מפ״ם גענומען אין שוץ, און ער אַליין האָט נישט געפונען קיין שום וואָרט, כדי צו דערקלערן דעם אמתן פנים פון דעם גאַנצן משפּט. שוין נאָכן אַרעסט פון מרדכי אורן האָט ער מיט אַנדערע חברים אָנטיילגענומען אין פייערונגען פון טשעכאָסלאָוואַקישן קאָנסולאַט אין תל־אביב, אַזוי ווי קיין מ. אורן וואָלט קיינמאָל נישט געווען עקזיסטירט.

באמערקונג פון די אַרויסגעבער

דאָס איז די האַטענטאָטישע מאָראַל פון מפ״מ מיטן „השומר הצעיר״ אין דער שפּיץ. און אין ליכט פון אָט דער צוויי־פּנים׳דיקער אידעאָלאָגיע ווילן זיי דערציען זייער יוגנט.

מפ״מ הערט נישט אויף אונטערצושטרייכן, אַז לויט איר אַבסאָלוטער איבער־צייגונג איז זייער חבר מרדכי אורן, וועלכער האָט זיך געפונען אין זייער שליחות, אומשולדיק — „אויך נאָכדעם וואָס איז געזאָגט געוואָרן אין פּראַג, זיינען מיר זיכער, אַז נאָר אַ צופעליקער פּלאָנטער פון טראַגישע אומשטענדן האָט דערפירט צו די באַשולדיקונגען, וואָס זיינען אַרויסגעשטעלט געוואָרן קעגן מרדכי אורן״, ווערט געזאָגט אינם באַשלוס פון מפ״מ. אָבער בוכאַרין, דער טעאָרעטיקער פון רוסישן קאָמוניזם, און קאַמעניעוו, דער פּרעמיער־מיניסטער פון ראַטנפאַרבאַנד אין דער צייט פון לענין, זינאָוויעוו, דער פּאָרזיצער פון קאָמאינטערן, ראַדעק, טראָצקי, דער שעפער פון דער רויטער אַרמיי וועלכער האָט זוכה געווען צו דער גרעסטער פאַרערונג אין באָלשעוויסטישן רוסלאַנד אַלס צווייטער נאָך לענינ׳ען, כל זמן לענין האָט געלעבט, און זיינע איבעריקע חברים און מיטהעלפער אויסער סטאַלינען ווי אויך די קאָמוניס־טישע פירער פון בולגאַריע, רומעניע, אונגאַרן, טשעכאָסלאָוואַקיע, וועלכע זיינען „אָפּגערייניקט״ געוואָרן דורך סטאַלינ׳ען און איבער וועלכע עס זיינען אויסגעפירט געוואָרן טויט־אורטיילן, אַלס שפּיאָנען און שעדיקער, לגבי זיי איז דאָס רעוואָלוציאָ־נערע געוויסן פון מפ״מ רואיק — עס איז נישטאָ קיין שום ספק אין דעם, אַז זיי זיינען באמת געווען שעדיקער און שפּיאָנען און אַז זייערע פּראָצעסן זיינען נישט געווען קיין רעזולטאַט פון „טראַגישע אומשטענדן״, נאָר אַ משפט פון אמת.

לגבי קאָמוניסטן, וואָס געהערן נישט צו זייער פּאַרטיי, האָבן דער „השומר הצעיר״ און מפ״ם נישט קיין אַנדערע שטעלונג, ווי מק״י. מפ״ם אידענטיפיצירט זיך מיטן אמת און גערעכטיקייט פון די רייניקונג־פּראָצעסן — אויף אַזוי פיל אויף וויפיל זיי רירן נישט אָן מפ״מ, — און זי אָנערקענט אָן שום קווענקלעניש און ספק, סיי די באַשולדיקונגען און סיי דאָס „מודה זיין זיך״ פון די שולדיקע.

צוזאַמען מיט מק״י „שטעלט זיך מפ״מ פעסט אַנטקעגן דער רעאַקציע, וואָס נוצט אויס דעם פּראַגער פּראָצעס, כדי צו העצן קעגן דער „וועלט פון סאָציאַליזם״ און די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס, אַ העצע וואָס דינט די צוגרייטונגען פונם אימפּעריאַליזם צו אַן אַנטי־סאָוויעטישן אַנגריף״, אַזוי ווי עס ווערט געזאָגט אין די באַשלוסן פון דעם מפ״מ־ראַט: די פאַראורטיילונגען פון דעם סלאַנסקי־פּראָצעס, אַלס אַ גרויל און מאָרד־טאַט — „זיינען אַ העצע קעגן דער וועלט פון סאָציאַליזם״, כאָטש עס איז נישטאָ קיין איין מענטש אין מפ״מ, וועלכער האָט נאָר אַ ביסל שכל און פּאָליטישע קענטניש, ער זאָל נישט זיין איבערצייגט ביי זיך אין האַרצן פּונקט, ווי עס וויסן עס די מאָסקווער הערשער און זייערע פּראַגער נאָכלויפער, אַז סלאַנסקי איז נישט געווען מער שפּיאָן און שעדיקער ווי סטאַלין און גאָטוואַלד, און אַז דאָס פאַראורטיילן, פון צייט צו צייט, קאָמוניסטישע פירער אין רוסלאַנד און אין די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס און דאָס אויספירן איבער זיי טויט־שטראָפן — ווערט נאָר געמאַכט צוליב אינערלעכע באַדערפנישן פון סטאַליניסטישן רעזשים, וועלכער איז געבויט אויף טעראָר, מאַסן־מאָרד און אַנגעוואָרפענעם פּחד, וואָס האָבן צו זיך קיין גלייכן נישט אין דער מענטש־לעכער געשיכטע.

די חברים פון מפ"מ שטעלן זיך נישט די פראַגע, וועלכע מוז מיט אכזריות'דיקער אומבאַדינגטקייט זיך שטעלן ביי יעדן מענטש מיט כאָטש אַ ביסל פאַרשטאַנד און יושר־געפיל. ממה־נפשך: אָדער די רייניקונגס־פּראָצעסן אין מאָסקווע, סאָפיע, בודאַפּעשט, בוקאַרעסט, פּראָג — זיינען גערעכטע און די פירער פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, וואָס זיינען די גאַנצע צייט „אָפּגעריניקט געוואָרן", זיינען באמת פאַרעטער, צעשטערער, שפּיאָנען און עס איז נישט פאַראַן קיין שום קאָמוניסטישע פאַרטיי, אויסער פון די מערב־לענדער, וואָס אירע פירער זיינען נישט געשטעמפּלט געוואָרן דורך באַשולדיקונגען פון קאָמוניסטישן רעזשים און דורך „מודה זיין זיך" פון די באַשולדיקטע גופא אַלס פאַרעטער און אָפּנאַרער, אַזוינס האָט נישט פּאַסירט קיינמאָל אין קיין שום אַנדער באַוועגונג. און נישט סתם מענטשן ווערן אַנדעקט אַלס פאַרעטער און אָפּנאַרער, נאָר די לערער און פירער פון דער באַוועגונג, און עס איז נישטאָ קיין סוף צו די אַנטדעקונגען. און עס איז נישטאָ קיין גאַראַנטיע, אַז די קאָמוניסטישע פירער, וואָס הענגען זייערע נעכטיקע חברים, זאָלן נישט געפירט ווערן צו דער תליה מאָרגן, ווי על האָט געטראָפן אין ראַטנפאַרבאַנד שוין אַ סך מאָל. אויב אַזוי, איז דער שרעקלעכער אויספיר דערפון, אַז דאָס איז אַ באַוועגונג, וואָס ווערט אָנגעפירט אין אַלע לענדער דורך שפּיאָנען און פאַרעטער, וואָס אַזוינס האָט זיך נאָך נישט געטראָפן ביי קיין שום באַוועגונג אין דער וועלט, און אַז מען קען נישט האָבן קיין צוטרוי צו ק י י ן ש ו ם קאָמוניסטישן פירער און אַז די גאַנצע קאָמוניסטישע באַוועגונג איז געבויט אויף שווינדל, אינטריגעס און פאַרעטער. אָדער, — אַז די אַלע זעלבסט־אָנערקענונגען פון שולד און פּראָצעסן זיינען יוסטיץ־פאַלשונגען און שווינדלערייען, אָרגאַניזירטע דורך די קאָמוניסטישע מאַכטן. און דאָס איז ווידער אַ באַוויז, אַז דערדאָזיקער רעזשים איז געבויט אויף אָפּנאַרעריי, מאָרד און פאַלשע בלבולים.

די חברים פון מפ"מ וואַגן נישט אַרויפצוברענגען דידאָזיקע אַכזריות'דיקע פראַגע אויף זייערע ליפּן. יעדער צווייפל אין די „פּראָצעסן" אין פּראָג, מאָסקווע, סאָפיע און אַ. וו. קעגן די קאָמוניסטישע פירער — איז בלויז „אַ העצע קעגן דער וועלט פון סאָציאַליזם", אַזוי זאָגט מק"י, אַזוי זאָגט דער קאָמאינפאָרם, אַזוי זאָגט מפ"מ. און מיט דער קינדערישער באַשולדיקונג פון „העצע" פּרוּוון זיי איינשטיקן זייער אייגן געוויסן און ווילן אָנשרעקן יעדן גלייך־דענקענדן און פאַרשטענדיקן מענטש, וועמען די אויבנדערמאָנטע אין פיינלעכע פראַגן לאָזן נישט צורו און וועלכער איז נישט גרייט צו זאָגן, ווי די קאַטוילישע פאַנאַטיקער אין מיטלאַלטער: Credo quia absurdum (איך גלויב, ווייל דאָס איז אַן אַבסורד!).

אָבער נישט אין אַלע הונדערט פּראָצענט אידענטיפיצירט זיך מפ"מ. און דאָ ליגט דער סוד פון מפ"מ'ס פאַרטיידיקן דעם ציוניזם.

## 2. אידעאָלאָגיע און אינטערעסן

ווען דערלויבט זיך מפ"מ נישט צו גיין האַנט ביי האַנט מיט מק"י און מיטן קאָמאינפאָרם? ווען עס ליידט אַ חבר פון מפ"מ אָדער איר א י נ ט ע ר ע ס, און דאָס איז דער סוד פון מפ"מ'ס כלומרשטע פאַרטיידיקונג פונם ציוניזם.

„מפ"מ האַלט זיך — אַזוי ווערט געזאָגט אין די באַשלוסן פון מפ"מ־ראַט פון

24—25סטן דעצעמבער 1952 — פאַר אַ ציוניסטיש־חלוצישע און רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, און פאַר אַן אינטעגראַלן טייל פון דעם לאַגער אין דער וועלט, אין וועמענס שפּיץ עס שטייט ראַטנפאַרבאַנד". די רעוואָלוציאָנערן אין מפ"ם האָבן נישט די אויפריכטיקייט און דעם מוט אַנצורופן ביים אָנגענומענעם און באַקאַנטן נאָמען פון דעם „לאַגער אין דער וועלט", אין וועמענס שפּיץ עס שטייט ראַטנפאַרבאַנד, דאָס הייסט דער קאָמוניסטישער לאַגער; מפ"ם האָט נישט דעם מוט צו זאָגן פּשוט, אַז זיי זיינען אַ טייל פון דער קאָמוניסטישער וועלט, און זיי האָבן רעאַלע און חשוב'ע סיבות צו פאַרדעקן זייער פאַרבינדונג מיטן קאָמוניזם. דער „השומר הצעיר"־בויטיקט זיך נאָך דערוויל אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און אין אידנטום, אָבער דער „השומר הצעיר" האָט געענוג פּראַקטישן שכל צו פאַרטושן דידאָזיקע סיבה, און נאָר אַזאַ יונגער און נאַאיווער בחור, ווי אריה פון דער „השומר־הצעיר"־פּאַרטיי אין ישראל, האָט דעם מוט אָנצורופן דאָס קינד ביים נאָמען, און טאָן טוט ער עס אין אַן אינערלעכער צייטונג, וואָס איז באַשטימט פאַר די חברים פון דער „השומר הצעיר"־אָרגאַניזאַציע אין ישראל".

בלויז צווישן זיך, ווען קיין פרעמדער הערט נישט, דערלויבן זיך די עלטערע חברים פון „השומר הצעיר" צו רעדן אָפן און קלאָר. אין ביולעטין, וואָס איז געשיקט געוואָרן צו די „השומר הצעיר"־קעמערלעך אין נח"ל, אַלס „טאָג־אינסטרוקציעס", צום רעוואָלוציע־פייערטאָג פון 7־טן נאָוועמבער 1952 רעדט מען אָן אַ מאַסקע: „מיר וועלן געדענקען די באַפרייענדיקע רויטע אַרמיי און וועלן וויסן ווי צו קעמפן פאַר דער פאַרוואַנדלונג פון צה"ל, די ישראל־אַרמיי, אין אַ רויטער פאָלקס־אַרמיי, אַלס המשך פון דער פלמ"ח־טראַדיציע...— זאָל לעבן דער חבר סטאַלין, דער פירער פונם שלום־פראָנט אין ראַטנפאַרבאַנד און אין דער גאַנצער וועלט".

די פירער פון מפ"ם און פון די „השומר הצעיר"־אינסטיטוציעס וועלן נישט וואַגן צו רעדן עפנטלעך מיט אַזאַ קלאָרער שפּראַך. דער „השומר הצעיר" ווייסט, אַז דערוויל איז ער נאָך אָפּהענגיק פון דער הילף פון די אידן און ציוניסטן — וועלכע געפינען זיך אויף דער צווייטער זייט פונם אייזערנעם פאָרהאַנג, און אַז די חברים פון „השומר הצעיר" ווילן נאָך דערוויל געניסן פון די פאָנדן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און מיט איר הילף אַריינבאַקומען נאָך יוגנט פון חוץ־לארץ, כדי זיי אויך אַריינצופלעכטן אַלס „אַן אינטעגראַלן־טייל אינם לאַגער, אין וועלכן ראַטנפאַרבאַנד שטייט אין דער שפּיץ". דעריבער האַלטן זיי זיך דערוויל נישט נאָר ביי דער צוויי־פּנים'דיקער שטעלונג, נאָר זיי באַנוצן זיך אויך מיט אַ פאַרזיכטיק־איידעלער שפּראַך, כדי נישט אויפצורייצן קעגן זיך די רייכע אידן אין אַמעריקע.

צווישן די קאָמוניסטן פון מק"י און די קאָמוניסטן פון יערי'ס חברים איז פאַראַן אַ וויכטיקער אונטערשייד, דער קאָמוניזם פון מק"י איז גלייך צום קאָמוניזם פון דער גאַנצער וועלט, וועלכער פאַרפליכטעט אַלע פעלקער און אַלע מענטשן אָן ש ו ם א ו י ס נ א ם. און אויב דערדאָזיקער קאָמוניזם אָנערקענט פאַר שולדיק די פירער פון דער באַוועגונג זעלבסט — דאַרף מען אָנעמען דעם דין מיט אַבסאָלוטער גע־האָרכזאַמקייט, אָן וואַקלענישן און ספקות. אויב די קאָמוניסטישע „שכינה" אין קרעמל האָט גוזר געווען, אַז אַ געוויסע צאָל קאָמוניסטישע פירער זאָלן געשטעמפּלט ווערן אַלס פאַררעטער און זיי זאָלן זיך אָנערקענען צו זייערע אויסגעטראַכטע חטאים און

מען זאָל זיי טויטן — דאַרף מען וועגן דעם נישט נאָכטראַכטן — און מען מעלדעט אָן אָפּגרעניצונגען: עס איז געכאַפּט געוואָרן אַ באַנדע שפּיאָנען — אַפילו אויב די „שפּיאָנען״ זייִנען נעכטן געטראָגן געוואָרן אויף די הענט פון יעדן קאָמוניסט. אַנדערש איז מיטן „השומר הצעיר״.

די געבאָטן פון ראַטנפאַרבאַנד פאַרפליכטן טאַקע די גאַנצע וועלט, אָבער זיי פאַרפליכטן נישט דעם „השומר הצעיר״, אויב דער געבאָט קען שאַדן די מאַטעריעלע, פינאַנציעלע, פּאָליטישע אָדער פּערזענלעכע אינטערעסן פון „השומר הצעיר״. דער קרעמל ווייסט און פאַרשטייט אַלץ, ער איז באַשטימט אַרויסצוזאָגן דעם לעצטן פּסק־דין וועגן פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פראַגן, אויך אויפן געביט פון וויסנשאַפט, געשיכטע און מאָראַל, און אַלע פעלקער דאַרפן אָנעמען זיין מיינונג אָן שום באַגרעניצונגען. אויב אַ יוגאָסלאַווישער קאָמוניסט האַלט, אַז ער ווייסט בעסער וואָס עס דאַרף טאָן דאָס יוגאָסלאַווישע פאָלק און וויאַזוי צו בויען קאָמוניזם אין די ספּעציפישע באַדינגונגען פון יוגאָסלאַוויע און ער פּילט נישט אויס די גזירה פונם קרעמל — ווערט ער דערקלערט דורכן „השומר הצעיר״, אין אייקלאַנג מיטן באַפעל פון קאָמאינפאָרם, אַלס פאַשיסטישער באַנדיט, אָבער אין די ענינים וואָס האָבן צו טאָן מיטן „השומר הצעיר״ זעלבסט — ווייסט דער „השומר הצעיר״ בעסער, ווי דער קרעמל. און ער איז נישט פאַרפליכטעט זיך זיי אונטערצוגעבן.

און דעריבער זייִנען טראָצקי און בוכאַרין, און קאָסטאָוו, און סלאַנסקי שפּיאָנען און שעדיקער און מערדער און זיי זייִנען ווערט פאַר׳משפּט צו ווערן צום טויט — און זייער מודה זיין זיך איז אמת׳דיק. אָבער ווען אַ חבר פון „השומר הצעיר״ ווערט באַשולדיקט אין שפּיאָנאַזש און ער איז זיך „מודה״ אין דעם — בלייבט ער אומ־שולדיק. דער קאָמוניסטישער משפּט איז גערעכט און יושר׳דיק — לגבי דער גאַנצער וועלט, אידן און נישט־אידן, ער קען נאָר „אַ טעות האָבן״ אויב עס רירט אָן חברים פון „השומר הצעיר״. אָנווייזונגען פון קאָמאינפאָרם פאַרפליכטן אַלע פעלקער, און אַלץ וואָס ווערט געזאָגט דורכן קרעמל וועגן אַמעריקע, יוגאָסלאַוויע, קאָרייע איז דער ריינער אמת. און נאָר דאָס וואָס עס ווערט דערציילט וועגן ווייצמאַנען, וועגן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וועגן מפּ״מ — איז אַ פאַרדרייסלעכע מיספאַרשטענד־ניש, צו וועלכער דער „השומר הצעיר״ קען נאָך דערוויייל ניש צולייגן זיין שטעמפּל — ווייל דאָס רייסט אים אָפּ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און דער „השומר הצעיר״ קען נאָך נישט, אין דער איצטיקער סטאַדיע, מוותר זיין אויף זיין פאַרבינדונג מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

איז כדאי אויפצוקלערן די סיבה פון דערדאזיקער פאַרבינדונג.

## ב. ווער זיינען די קאָמוניסטישע געמשפּטע?

„דער פּראָצעס אין פּראַג האָט דערוויזן די שווינדלעכישן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, וועלכע איז געווען טעטיק אונטערערדיש אין פּראַג. דאָס איז געמאַכט געוואָרן דורך אַרויספירן געלטער און פאַרמעגנס און דורך אַריבערפירן אידן אויף אומלעגאַלע וועגן. — —

— „אויף וויפל עס איז אונז באַקאַנט, איז די סיבה פון אורנ׳ס אַרעסט — די אונטערערדישע ציוניסטישע טעטיקייט. דעריבער קענען מיר נישט זאָגן, אַז אורן איז אומשולדיק. — די שטעלונג פון דער פאַרטיי לגבי דעם פּראַגער פּראָצעס אַנטהאַלט אין זיך אַ סתירה. מען קען זיך אידענטיפיצירן מיט דער וועלט פון רעוואָלוציע אין אַלעם און אויך אין פּראַגער פּראָצעס, אָדער מען קען אָנעמען אַ קעגנזעצלעכע שטעלונג, אָבער עס איז נישטאָ קיין מיטלוועג, אַזאַ, אויף וועלכן עס וויל גיין די פאַרטיי".

א ר י ה

(אין ביולעטין פון דער „השומר הצעיר
אָרגאַניזאַציע אין ישראל", נ. 5)

1. מאָסקווע האָט באַשלאָסן וועגן פּראַגער פּראָצעס

נאָר די „לינקע גרופּע" אונטער דער אָנפירונג פון ריפטין און סנה האָבן אונטער־געשטיצט די אויסגעהאַלטענע אַנטי־ציוניסטישע שטעלונג פון חבר אריה. אויף דעם מפ"מ־ראָט וועלכער איז פאָרגעקומען דעם 24—25 דעצעמבער 1952 איז באַהאַנדלט געוואָרן דער פּראַגער פּראָצעס, האָט די דאָזיקע גרופּע געציילט בלויז 49 חברים, און צו איר קען מען אפשר צורעכענען די 18 אָפּגעהאַלטענע. די גרעסטע מערהייט, 232 חברים, האָבן אויפן מפ"מ־ראָט געשטימט פאַר דער שטעלונג, וואָס כאַראַקטעריזירט אַזוי דעם „השומר הצעיר": זיי אַ ציוניסט און אַ פּראַקטישער מענטש אין דער היים און אַ קאָמוניסט און אַ „רעוואָלוציאָנער" אין דרויסן.

מפ"מ איז טאַקע „באַזאָרגט" דערפון, וואָס אויפן פּראַגער פּראָצעס „איז צוגעבונדן געוואָרן די אידישע אָפּשטאַמונג צו די באַשולדיקטע אין שפּיאָנאַזש־טעטיקייט", אָבער זי „איז איבערצייגט, אַז דער דאָזיקער דורכפאַל, וועלכער האָט נישט קיין וואָרצלען, נישט קיין טעאָרעטישע און נישט קיין פּראַקטישע, אין דער וועלט פון קאָמוניזם, איז נאָר אַן איבערגייענדיקע זאַך". „מפ"מ איז אויך דערשטוינט פון דעם פּרווו אַריינצופלעכטן דעם ציוניזם און מדינת ישראל אין דעם פּראָצעס פון סלאַנסקי און זיינע חברים — און מפ"מ וואַרפט אָפּ די באַשולדיקונגען וואָס זיינען אַרויסגערוקט געוואָרן אין פּראָצעס קעגן דעם ציוניזם." די „לינקע גרופּע" אונטער ריפטינ׳ס אָנפירונג האָט נישט געקענט אַראָפּשלינגען אַזעלכע אַפּיקורס׳ישע אויסדרוקן און זי האָט געשטימט קעגן דעם באַשלוס, עס איז, אייגנטלעך, צום ערשטן מאָל, ווי עס האָט זיך אַ שפּאַלט געטאָן די פעסטונג־מויער פון „אידעאישן קאָלעקטיוויזם" אין קיבוץ פון „השומר הצעיר". אָבער ווער עס האָט נאָר נאָכגעפאָלגט די באַוועגונג פון „השומר הצעיר" די גאַנצע צייט און איז באַקאַנט מיט דער טאָפּלטער בוכהאַל־טעריע פון דעם קיבוץ הארצי: ראַדיקאַליזם כלפּי אַנדערע און אָפּאָרטוניזם כלפּי

זיך זעלבסט — האָט נישט קיין שום גרונט צו טראַכטן, אַז דער קאָלעקטיוו פון „השומר הצעיר״ וועט זיך שפּאַלטן. די איינצלנע מק״י־אגענטן אין מפ״מ וועלן אפשר אַוועק פון דער פּאַרטיי, אָבער מען קען זיך פאַרלאָזן אויף ריפּטינען, אויף פּרי און אַנדערע „לינקע״ חברים, אַז זיי וועלן בעסער אויסקלייבן די גאַנצקייט פון הקיבוץ הארצי און זיינע פּראַקטישע באַדערפענישן, וואָס זיינען אָפּהענגיק אין דער ציוניסטישער באַוועגונג — איידער אידעאישע אויסגעהאַלטנקייט. דער „טראַגישער קעגנזאַץ״ איז שטענדיק געווען איינער פון די זיילן פון דער „השומר הצעיר״־לערע און מען קען זיך פאַרלאָזן אויף די אַלטע פירער פון הקיבוץ הארצי, אַז זיי וועלן שוין זאָרגן, אַז אויך אין דער צוקונפט זאָלן זיי נישט ליידן פון דער טראַגישקייט פונם קעגנזאַץ, אַזוי ווי זיי האָבן פון איר נישט געליטן ביז איצט.

און נישט מורא האָבנדיק צופיל פאַר דער אידעאישער סתירה האָט דער מפ״מ־ראַט, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט נאָכן פּראַגער פּראָצעס, דערקלערט:

א) אַז „מיר שטעמפּלען די רעאַקציע אין דער וועלט און ביי אונז אין לאַנד, וועלכע העצט קעגן דער וועלט פון סאָציאַליזם און פאָלקס־דעמאָקראַטיע און וואַרפט איר פאַר אַ פאַלשע באַשולדיקונג אין אַנטיסעמיטיזם״.

ב) אַז „מפ״מ האַלט זיך — פאַר אַן אינטעגראַלן טייל פון דעם לאַגער אין דער וועלט, וואָס ראַטנפאַרבאַנד שטייט אין זיין שפּיץ. מיר וועלן אַן שום אָפּהאַלט שטיין אויף דער זייט פון די לענדער פון סאָציאַליזם און פאָלקס־דעמאָקראַטיעס — אין זייער ווערן זיך קעגן אינערלעכע און אויסערלעכע שונאים, — דאָס ווערן זיך, וואָס איז אַ לעבנס־נויטווענדיקייט פאַר די לענדער פון סאָציאַליזם״.

נאָך איידער עס איז אויסגעטריקנט געוואָרן דער טינט פון דער צוויי־פּנים׳דיקער און פיל־געלאַטעטער דעקלאַראַציע פון מפ״מ־ראַט — איז באַקאַנט געוואָרן דער עלילת־דם אין מאָסקווע: „מיטגלידער פון אַ גרופּע דאָקטוירים — טעראָריסטן זיינען געווען טעטיק אין דינסט פון פרעמדן שפּיאָנאַזש, זיי זיינען אים געווען פאַרקויפט מיט לייב און לעבן, זיי זיינען געווען באַצאָלטע אַגענטן. דער גרעסטער טייל פון דער טעראָריסטישער גרופּע — ב. וואָפסי, קאָגאַן, פעלדמאַן, גרינשטיין, עטינגער און אַנדערע — איז געווען פאַרקויפט צום דינסט פון אַמעריקאַנישן שפּיאָנאַזש. צו דער־דאָזיקער טעטיקייט זיינען זיי געדונגען געוואָרן דורך דער אינטערנאַציאָנאַלער אידישער בורזשואַז־נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע „דזשאָינט״, וועלכע איז אַן אָפּטיילונג פון אַמעריקאַנישן שפּיאָנאַזש־דינסט. דער שוידערלעכער פּרצוף פון אָט דער ציוניסטישער שפּיאָנאַזש־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט פאַרבאָרגן איר נידערטרעכטיקע טעטיקייט אונטער דעם צודעק פון פילאַנטראָפּיע, איז פולשטענדיק אַנטפּלעקט געוואָרן. — די אַנדעקונג פון דער באַנדע דאָקטוירים־פאַרגיפטער איז אַ שווערער קלאַפּ פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער אידיש־ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע״ (מאָסקווער „פּראַוודאַ״, לויט דער איבערזעצונג פון „על המשמר״).

צווישן די „דאָקטוירים־פאַרגיפטער, וואָס ווערן געמ׳משפט אין מאָסקווע — זיינען נישטאָ קיין חברים פון „השומר הצעיר״, און ווען די כנסת צוזאַמען מיטן גאַנצן אידישן פאָלק אין די תפוצות האָבן אויסגעדריקט זייערע שוידער־געפילן קעגן דעמדאָזיקן געמיינעם און שרעקלעכן עלילת־דם פון די קרעמל־הערשער,

וועלכער האָט צו זיך קיין גלייכן נישט געהאַט אַפילו אין די צאַרישע צייטן, האָט דער פאָרשטייער פון „השומר הצעיר", י. חזן, פּראָטעסטירט קעגן דער באַהאַנדלונג פון דעם ענין און געפאָדערט, נישט מער און נישט ווייניקער, ווי „אויסמעקן אָט די באַהאַנדלונג אין כנסת פון די בלעטער פון אונזער לעבן".

עס איז נאַטירלעך, אַז די מאָסקווער באַשולדיקונג האָט פּאַרטונקלט דעם שרעקלעכן פּראַגער פּראָצעס אין די אויגן פון דער געזעלשאַפט, און אַפילו נאָכדעם אַלעם וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן אין דער כנסת און אין דער פּרעסע ביי אונז אין לאַנד און אין אויסלאַנד, איז נאָך פולשענדיק נישט אויסגעשעפּט געוואָרן די גאַנצע ערנסקייט פון דער סכנה וואָס איז אינם מאָסקווער עלילת־דם און די פּאָליטישע אינטריגעס קעגן אידישן פאָלק און נישט נאָר קעגן אידישן פאָלק.

אָבער נאָר באַאיווּע מענטשן האָבן געקענט טראַכטן, אַז דער פּראַגער פּראָצעס איז צוגעגרייט געוואָרן לויט דער לאָקאַלער באַשטימונג. יעדער קאָמוניסט ווייסט — כאָטש ער וועט זיך צום דעם נישט אָנערקענען אָפן, — אַז קיין שום רעגירונג פון די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס (אויסער כינע) טוט נישט קיין שום זאַך, אַז זי זאָל נישט פריער באַטראַכט און באַשלאָסן ווערן אין מאָסקווע. אויב אין פּראַגער פּראָצעס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע סימנים פון אַן אַלוועלטלעכן אַנטיסעמיטישן צוג, וועלכן עס האָט אָנגעהויבן פירן „דער לאַגער אין דער וועלט אין וועמענס שפּיץ עס שטייט ראַטנפאַרבאַנד" — האָט געוויס די קלענסטע איניציאַטיוו אין דעם געהאַט די פּראַגער רעגירונג. גאָטוואַלד, זאַפּאָטאָצקי און שיראָקי — אין קעגנזאַץ צו דעם אַנטי־ציוניסט סלאַנסקי — האָבן צוזאַמען מיט קלעמענטיסן אונטערגעשטיצט מיטן גאַנצן האַרצן די ישראל׳דיקע באַפרייאונגס־מלחמה, און די טשעכן זיינען געווען ווייניקער אָנגע־שטעקט מיט אַנטיסעמיטיזם, ווי אַלע אַנדערע פעלקער פונם סאָוויעטישן בלאָק. אָבער נישט די אייגנשאַפטן פון טשעכישן פאָלק און נישט די פערזענלעכע באַציאונג פון די רעגירונגס־מיטגלידער, — נאָר די פאַרהעלטנישן פון די „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס" צו ראַטנפאַרבאַנד (פאַרהעלטנישן פון אַבסאָלוטער און טאָטאַליטאַרער אונטערטעניקייט) האָבן נישט דערלאָזט קיין שום מעגלעכקייט אָנצונעמען אַ בייע ליניע מצד דעם טשעכישן קאָמוניזם — אָן אַ פריערדיקער רעדאַגירונג און פעסטשטעלונג פון דער־דאָזיקער ליניע אין מאָסקווע, אין אַלע אירע פּרטים און גענויקייטן. און עס איז ניט קיין וואונדער, וואָס נאָך איידער עס איז באַקאַנט געוואָרן דער עלילת־דם אין מאָסקווע האָבן די פאָרשטייער פון דער מדינה אין כנסת, בעת דער באַהאַנדלונג פון פּראַגער פּראָצעס, אונטערגעשטראָכן זיין אינטערנאַציאָנאַלע באַדייטונג. — „איך שטעל מיר נישט פאָר, אַז עס זיינען פאַראַן ביי אונז אין לאַנד אַ סך באַאיווּע מענטשן, וואָס טראַכטן, אַז דאָס וואָס קומט פאָר אין פּראַג איז אַ לאָקאַלע זאַך און אַז עס ווערט געמאַכט אויף דער אָרטיקער אחריות, אָדער לויטן אָרטיקן ווילן, און אַז דאָס איז געריכטעט קעגן אַ געוויסע צאָל אַמאָליקע קאָמוניסטישע עסקנים — סלאַנסקי, קלעמענטיס, פראַנק, אָדער קעגן ציוניסטן, ווי אורן און אָרענשטיין" — אַזוי האָט בעת דער באַהאַנדלונג געזאָגט אונזער פּרעמיער. „עס איז מעגלעך, — האָט ער צוגעגעבן, — אַז אָט דער גרויל האָט אַ גרויזאַמע אינטערנאַציאָנאַלע באַדייטונג — און דאָס איז אפשר די שרעקלעכסטע פון אַלע פּראָבלעמען: דער גורל וואָס דערוואַרטעט די צוויי מיליאָן אידן, וועלכע געפינען זיך אונטער דעם קאָמוניסטישן רעזשים". —

עס איז נישטאָ קיין שום ספק, אַז מיר שטייען איצטער פאַר אַ העצע און באַשמוצונגס־אַקציע קעגן ישראל און דעם אידישן פאָלק, וואָס אונטערשיידעט זיך נישט אין קיין שום זאַך פון דער נאַצישער אַקציע קעגן אידנטום אין יענער צייט. און למען האמת איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַזביידע אַקציעס זיינען נישט געווען קיין אַנטיסעמיטישע. היטלער איז נישט געווען קיין אַנטיסעמיט, פאַרקערט, צווישן זיינע פריינט און מיטהעלפער האָבן זיך געפונען אַ סך סעמיטן: האדזש אַמין אַל חוסייני, ראַשיד אלי און אַ סך אַראַבישע הערשער און פירער פון יענער צייט — וואָס זיינען נישט ווייניקער סעמיטן, ווי עס זיינען אידן. און פון פאָרמעלן שטאַנדפונקט איז מק״י גערעכט, ווען זי זאָגט, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז אין רוסלאַנד פאַרבאָטן. פונקט ווי די אויסראָטונגס־אַקציע פון היטלער׳ן, אַזוי איז אויך די העצע און באַ־שמוצונגס־אַקציע פונם קרעמל געריכטעט נישט קעגן סעמיטן נאָר קעגן ישראל — קעגן מדינת ישראל און קעגן אידישן פאָלק; ווי עס זעט אויס איז דער גאַנצער באַגריף „אַנטיסעמיט״ איז דערפונדן געוואָרן דורך אַן אַסימילירטן איד, וועלכער האָט זיך געשעמט מיטן נאָמען איד, און ער האָט באַצייכנט די שנאה צו אידן מיטן נאָמען „סעמיטן שנאה״.— מיר האָבן נישט קיין שום נויטווענדיקייט צו פעלשן און צו פאַר־דרייען די ווערטער; מיר דאַרפן אָנרופן די אַלט־נייע דערשיינונג אין אונזער געשיכטע מיטן אמת׳ן נאָמען: שנאת ישראל. און ווער ווייסט, צי דער שנאת־ישראל־צוג, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן אין פראַג און ווערט פאָרגעזעצט אי ןמאָסקווע — איז נישט איינער פון די שרעקלעכסטע און גרויסזאַמסטע אין דער געשיכטע פון פייניקונגען און ליידן פון אידישן פאָלק.

### 2. נישטאָ אידישקייט אָן מענטשלעכקייט

אָבער מיר ווען זינדיקן קעגן אמת, אויב מיר וועלן זען נאָר די אידישע זייט אין דער זאַך. „אַ אידישער״ שטאַנדפונקט, וואָס איז נישט פאַרבונדן מיט אַ מענטשלעכן שטאַנדפונקט און ציט נישט פון אים זיין יניקה, איז אויך נישט קיין אידישער שטאַנד־פונקט. נישטאָ קיין אידישער אמת אָן אַ מענטשלעכן אמת. נישטאָ קיין אידישע גערעכטיקייט — אָן אַ מענטשלעכער גערעכטיקייט. עס איז אפשר מעגלעך דאָס פאַרקערטע: אין אונזער גלות האָבן מיר געזען אַז די מאָס גערעכטיקייט, וואָס ווערט אָנגעווענדעט לגבי די איבעריקע מענטשן — ווערט נישט אָנערקענט לגבי אידן. און די רעכט וואָס ווערט אָנערקענט פאַר יעדן פאָלק, ווערט נעגירט ווען עס האַנדלט זיך וועגן אידישן פאָלק. אָבער מען קען זיך נישט פאָרשטעלן גערעכטיקייט פאַר אידן אָן גערעכטיקייט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. געוויס זיינען די צוויי אמת׳ן נישט קיין קעגנזאַץ איינער צום צווייטן, סיידן אין אַ דיאַלעקטיק, וואָס איז איינגעוויקלט אין דער „טראַגישער סתירה״ פון „השומר הצעיר״. ווער עס לייקנט אָפּ דעם אַלגעמיינעם אמת, מוז אויך נעגירן דעם אידישן אמת. ווער עס איז קעגן דער מענטשלעכער גערעכטיקייט קען געוויס נישט פאָדערן קיין גערעכטיקייט פאַרן אידישן פאָלק און נאָר פאַר אים.

און אויפן פראָצעס אין פראַג און אויף דער באַשולדיקונג פון מאָסקווע דאַרף מען קוקן דורך דער אַלגעמיינער פריזמע. נאָר דעמאָלט וועלן מיר פאַרשטיין אויך זייער ספעציפישע באַדייטונג פאַר אונז.

די באַשולדיקונגען קעגן אורן און בן־שלום פון „השומר הצעיר״ אין פראַג, פונקט

ווי די באַשולדיקונג קעגן נחומי פון „השומר הצעיר״ אין סאָפיאַ, זיינען געווען אָרגאַניש פאַרבונדן אין איין איינהייטלעכע גאַנצקייט, וואָס הייסט „די קאָמוניסטישע רייניקונגס־פּראָצעסן״.

און פּונקט ווי אורן און בן־שלום זיינען נישט מער ווי קליינע שרייפעלעך אין דער גיהינום־מאַשין פונם גרויל־פּראָצעס אין פּראַג, אַזוי איז דער גאַנצער פּראַגער פּראָצעס נישט מער ווי איין רינג אין דער קייט פון רציחות און באַשולדיקונגען ביי דער „רייניקונג״, וועלכע ווערט פון צייט צו צייט אַדורכגעפירט דורך דעם „קאָמוניסטישן״ רעזשים אין מאָסקווע און אין די אַנדערע הויפּט־שטעט פון די „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס״, וואָס זיינען אונטערגעוואָרפן דעם קרעמל.

די נאַאיווע פאַרטיידיקער פון „קאָמוניסטישע״ גרויל־פּראָצעסן ווייזן אָן אויף די טעראָר־טאַטן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אַלס היסטאָרישע באַרעכטיקונג פאַר דידאָזיקע רציחות. מיר וועלן דאָ נישט אַריינלאָזן זיך אין אַ באַטראַכטונג, צי האָט נישט טאַקע דער יאַקאָבינישער טעראָר געבראַכט צו דער יאָרן־פאַרקירצונג פון דער רעוואָלוציע און צו דער הערשאַפט פונם גאָון׳ישן אַוואַנטוריסט פון דער איטאַליענישער קאָרסיקע אַלס קיסר פון פראַנקרייך און צו די דעראָבערונגס־מלחמות אין גאַנץ אייראָפּע און די שטרעבונג צו וועלט־הערשונג פון באָנאַפּאַרט. מען קען אָבער אָנווייזן, אַז די פאַרטיידיקער פון איצטיקן טעראָר דורכן פאַרגלייך מיט יענעם, מאַכן זיך בישט־זעענדיק, באַוואוסטזיניק אָדער אומבאַוואוסטזיניק, איין הויפּט־ און גרונט־אונטערשייד צווישן דעם טעראָר פון פריערדיקע רעוואָלוציעס און צווישן דעם טעראָר אין מאָסקע און אין די איבעריקע הויפּט־שטעט פון סאָוויעטישן בלאָק, וואָס האָט נישט קיין ביישפּיל אין דער גאַנצער געשיכטע. אין אַלע איבעריקע רעוואָלוציעס איז דער טעראָר געווען געווענדעט קעגן פירער און פאָרשטייער פון פאַרטייען, וואָס זיינען געווען קעגן דער רעוואָלוציע, אָדער וועלכע האָבן געקעמפט קעגן די עקסטרעמע פאַרטייען וואָס האָבן געזיגט אין משך פון דער רעוואָלוציע און איבערגענומען די הערשאַפט (ווי, למשל, אין דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע). אָבער די „פּראָצעסן״ אין מאָסקווע און אין די איבעריקע לענדער, וועלכע זיינען אונטער־געוואָרפן דעם קרעמל, ווערן געמאַכט קעגן די קאָמוניסטן און באָלשעוויקעס זעלבסט, קעגן די רעוואָלוציע־פירער, וועלכע זיינען געשטאַנען ביים רודער פון דער באָלשעוויסטישער און קאָמוניסטישער באַוועגונג און וועלכע האָבן זיך זעלבסט באַטייליקט אין אַלע אַקציעס, פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע, פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, כמעט פון זינט זי איז אַנטשטאַנען. נישט פאָרשטייער פון קלאַסן אָדער פאַרטייען, וועלכע זיינען געווען קעגן קאָמוניזם, ווי עס איז געווען אין דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, נאָר די שעפער פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, אירע פירער, טרעגער, וואָרטזאָגער און איבערגעגעבנסטע מענטשן — דוקא זיי ווערן געשטעמפּלט — אויב זי באַנוצן מיט דער שפּראַך פון פּראָקוראָר אויפן פּראַגער פּראָצעס — „אַלס טראָצקיסטישע, טיטאָ׳איסטישע,—ציוניסטישע פאַררעטער, אַלס נאַציאָנאַליסטישע בור־זשויען און שונאים פון פאָלק, פון פאָלקס־דעמאָקראַטישן רעזשים און פון סאָציאַליזם, וועלכע האָבן אָרגאַניזירט, אין דינסט פון אַמעריקאַנישע אימפּעריאַליסטן און אונטער דער אָנפירונג פון פאַרברעכעריש מערב׳דיקע שפּיאָנען—אַ פאַרשווערונגס־צענטער קעגן

דער מדינה, האָבן געגראָבן אונטערן פאָלקס־דעמאָקראַטישן רעזשים, געשטערט דעם בוי פון סאָציאַליזם, די איינהייט פון טשעכאָסלאָוואַקישן פאָלק און די פּאַרטיידיקונגס־פעאיקייט פון דער רעפּובליק" א. א. וו. און אַ.וו. און אפשר נאָר אין דער הינזיכט דאַרף מען אָפּשיידן די חברים פון „השומר הצעיר", אורן, בן־שלום און נחומי, פון די איבעריקע באַשולדיקטע. די חברים פון „השומר הצעיר" מיט אַלע זייערע שטענדיק איבערגע׳חזר׳טע דעקלאַראַציעס, אַז זיי זיינען אַן אינטעגראַלער טייל פון דער קאָמוניסטישער וועלט, וואָס ראַטנפאַרבאַנד שטייט אין איר שפּיץ — זיינען קיינמאָל נישט אָנערקענט געוואָרן אַלס קאָמוניסטן דורכן קאָמאינטערן, פּאַרקערט — פּונקט, ווי אויף אַלע סאָציאַליסטן קוקט אויף זיי דער „קאָמוניזם", ווי אויף רעפאָרמיסטן־פּאַרעטער, וועלכע דינען די אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע און אימפּעריאַליסטן אונטער אַ סאָציאַליסטישער מאַסקע.

אָבער אויפן פּראַגער פּראָצעס זיינען באַשולדיקט און גע׳משפט און געהאַנגען געוואָרן אויסגעשפּראָכענע קאָמוניסטן, הויפּט־פירער פון דער פּאַרטיי און פון דער רעגירונג, לאַנגיעריקע טוער און גרינדער פון קאָמוניזם, — אַזוי איז אויך געווען אין אַלע איבעריקע „רייניקונגס"־פּראָצעסן אין מאָסקווע און אין די אַנדערע הויפּט־שטעט פון די לענדער, וואָס זיינען דעראָבערט געוואָרן דורך דער רוסישער אַרמיי נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.

3. מיליאָנען „געריייניקטע"

פון זינט עס איז איינגעשטעלט געוואָרן די אַבסאָלוטיסטישע איין־הערשאַפט אין ראַטנפאַרבאַנד — אין דער צווייטער העלפט פון די דרייסיקער יאָרן — דורך דעם גרוזינער דזשוגאשווילי, וועלכער האָט געענדערט זיין נאָמען אויף סטאַלין, האָבן זיך אָנגעהויבן זיינע רייניקונגס־פּראָצעסן קעגן די קאָמוניסטישע הויפּט־פירער, און דידאָזיקע פּראָצעסן קעגן די פירער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי זיינען איינע פון די הויפּט־ליניעס פון סטאַליניסטישן רעזשים, און אויב עפּעס אין „קאָמוניסטישן" רעזשים איז ווערט דעם נאָמען סטאַליניזם — איז דאָס דער לאַנגדויערנדער טעראָר אין דער פאָרם פון רייניקונג קעגן די קאָמוניסטישע פירער.

מיט דעם מאָמענט ווען סטאַלין האָט באַהערשט די פּאַרטיי, די געהיים־פּאָליציי און די מלוכה — האָט זיך אָנגעהויבן די סדרה „רייניקונגען" אין דער אָנפירערשאַפט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. די גרויסע „רייניקונג" אין רוסלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן אין אויגוסט 1936, ווען מען האָט געשטעלט צום משפט זינאָוויעוו׳ן, דעם פירער פון קאָמאינטערן, קאַמיענעוו׳ן דעם סאָוויעטישן וויצע־פּרעמיער, און די נאָענסטע חברים און מיטהעלפער פון לענינ׳ען. שפּעטער, אין יאַנואַר 1937, איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס קעגן פּיאַטאַקאָוו און ראַדעק, און אין אַ יאָר אַרום — דער פּראָצעס קעגן בוכאַרינ׳ען — אַלע פון דער אָנפירערשאַפט פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. גלייכצייטיק מיט אָט די פּראָצעסן זיינען אַרעסטירט און גע׳הרג׳עט געוואָרן הונדערטער טויזנטער פּאַרטיי־חברים. דער גרעסטער טייל פון די, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע און האָבן געקעמפט אינם בירגער־קריג קעגן די ווייסע. אין אָנהויב 1937 איז פאַרמאַכט געוואָרן „דער קלוב פון די לאַנגיעריקע באָלשעוויקעס" — און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ כוואַליע אַרעסטן צווישן די אַלטע פּאַרטיי־חברים.

אין מיטן 1937 האָבן זיך די אַרעסטן אויסגעברייטערט און אַרומגענומען אויך אומפּאַרטייאישע מאַסן: אַרבעטער, פּויערים, באַאַמטע, פּאַכמענער, געלערנטע, קינסט־לער, אַפּיצירן. הונדערטער טויזנטער סאָוויעטישע בירגער, זיינען אין מיטן דער נאַכט אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון זייערע בעטן דורך די אַגענטן פון ג.פּ.או. און זיינען אַרעסטירט געוואָרן. דער גרעסטער טייל פון די מיניסטאָרן פון די פעדעראַטיווע לענדער פון ס.ס.ס.ר. האָט זיך געפונען צווישן די אַרעסטירטע. דער גרעסטער טייל פון די פאָרשטייער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי איז איינגעזעצט געוואָרן אין די תפיסות. עס איז אַפילו נישט אַדורכגעלאָזט געוואָרן דער פּאָליטביוראָ — וואָס איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון צען מיטגלידער. — פינף פון זיי האָט מען באַשלאָסן צו אַרעסטירן און שפּעטער האָט מען איבער זיי אויסגעפירט טויט־שטראָף.

די פירער פון קאָמאינטערן און זייערע מיטגלידער זיינען געווען צווישן די אַרעסטירטע, טראָץ דעם, וואָס לויט די געזעצן, האָט דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמאינטערן זיך געפונען אויף אַ העכערער שטופע, ווי אַלע אַנדערע אָרגאַנען פון דער רוסישער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, אָדער פון יעדער אַנדערער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. און דער גאַנצער אַפּאַראַט פון קאָמאינטערן האָט — לויטן סאָוויעטישן געזעץ — געהאַט אַן עקסטעריטאָריאַלן סטאַטוס, און יעדער קאָמוניסט אומעטום, האָט זיך גערעכנט, אַז ער געפינט זיך אונטער זיין באַפעל, אַריינגערעכנטעגדיק די סאָוויעטישע רעגירונג און די פירער פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. אָבער די ג.פּ.או.־אַגענטן האָבן, לויטן באַפעל פון סטאַלינען, נישט געלייגט קיין שום אַכט אויפן קאָמאינטערן, און זיינע פירער און מיטאַרבעטער זיינען אַרעסטירט געוואָרן, פּונקט ווי די סאַמע לעצטע. צווישן דידאָזיקע אַרעסטירטע האָט זיך געפונען אַן אויסגעשפּראָכענער קאָמוניסט מיט אַ וועלט־נאָמען, פון די גרינדער און הויפּט־פירער פון קאָמאינטערן, דער פירער פון דער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע און רעגירונג אין אונגאַרן — בעלאַ קון.

די צאָל אַרעסטירטע האָט דערגרייכט מיליאָנען. פון אָט דער רייניקונגס־גזירה האָבן אויך געליטן מיליאָנען רוסן, בעיקר אַרבעטער און פּויערים, אידן און אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן זיינען ספּעציעל דיסקרימינירט געוואָרן אין דעמדאָזיקן מאַסן־טעראָר. די מענער פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, וואָס זיינען קאָנצענטרירט אין די ישובים פון רוסישן פאָלק, זיינען אַרעסטירט און „ליקווידירט" געוואָרן. די פרויען זענען פאַרשיקט געוואָרן אין אַזיאַטישן רוסלאַנד, און די קינדער האָט מען אָפּגעגעבן אין די שולן פון ג.פּ.או., זיי צו דערציען אַלס רוסישע יתומים. אינזלען פון לעטן, גריכן, בולגאַרן, פינער, עסטאָניער, ליטווינער, פּאָליאַקן און אַנדערע, וועלכע האָבן עקזיסטירט אין די רוסישע ישובים, זיינען אָפּגעווישט געוואָרן, און די רוסישע שטעט זיינען אָפּגערייניקט געוואָרן פון „פרעמדע" ראַסן. אַלע מענטשן פון דידאָזיקע מינדערהייטן זיינען דערקלערט געוואָרן אַלס „שפּיאָנען": די לעטן און פּאָליאַקן — אַלס היטלער־שפּיאָנען; די כינעזער, קאָרעאַנער און מאָנגאָלן — אַלס יאַפּאַנישע שפּיאָנען; די אַרמענער, אַשורן, פּערסן, — אַלס בריטישע שפּיאָנען.

אין משך פון דער צייט זיינען אויך אַרעסטירט געוואָרן די אַ ר ע ס ט י ר ע ר, און צו דער מאַסע גערייניקטע און ליקווידירטע זיינען אויך צוגעקומען באַאַמטע פון ג.פּ.או.

ווען עס האָט זיך געשטאַרקט די פאַרביטערטקייט אין פאָלק צוליב די מאַסן־אַרעסטן, גירושים און רציחות — זייט מוחל: „ליקווידאַציעס" — איז פּלוצלינג אַראָפּגעזעצט געוואָרן פון אַמט (סוף 1938) דער פירער פון ג.פּ.או., דער קאָמיסאַר פון נ.ק.וו.ד. (דאָס סאָוויעטישע אינערן־מיניסטעריום), ניקאָלאַי איוואַנאָוויטש יעזשאָוו. ער איז אויסגעמעקט געוואָרן פון דער ליסטע פון די צענטראַל־קאָמיטעט־מיטגלידער, איז אַרעסטירט און „ליקווידירט" געוואָרן געהיים, אָן אַ שום משפּט. צי דערפאַר, ווייל ער האָט זיך נישט געוואָלט „מודה" זיין אויף זיינע זינד, אָדער צוליב אַן אַנדער סיבה — דאָס ווייסט קיינער נישט, אויסער די הערשער פון קרעמל. קעגן עטלעכע פון די ג.פּ.או.־באַאַמטע איז פאַרפירט געוואָרן אַן עפנטלעכער פּראָצעס און זיי זיינען באַשולדיקט געוואָרן אין אַרעסטירן אומשולדיקע מענטשן און אין פייניקן זיי, כדי צו צווינגען זיי זיך מודה זיין אין פאַרברעכנס, וואָס זיי האָבן נישט געטאָן. די ג.פּ.או.־לייט „האָבן זיך מודה געווען", אַז זיי האָבן אַרעסטירט מאַסן אומשולדיקע און אַז זיי האָבן זיי געצוואונגען זיך „מודה זיין" אין אויסגעטראַכטע פאַרברעכנס; זיי האָבן גאָרנישט געפּרוּווט זיך צו פאַרטיידיקן, אַז דאָס וואָס זיי האָבן געטאָן, האָבן זיי געטאָן לויט אַ באַפעל פון דער הויך, פאַרקערט, זיי האָבן דערציילט, אַז אַלץ וואָס זיי האָבן געטאָן איז דאָס געווען לויט די אָנווייזונגען פון קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס. די פירער פון ג.פּ.או. זיינען, פאַרשטענדלעך, פאַר'משפּט געוואָרן צום טויט און מען האָט דעם טויט־אורטייל איבער זיי אויסגעפירט...

מיטן דערמאָרדן ג.פּ.או.־באַאַמטע און דעם ג.פּ.או.־פירער האָט סטאַלין פאַר־ענדיקט דעם ערשטן „רייניקונגס"־צוג אין גראַנדיעזן מאַסשטאַב; דעם רוסישן פאָלק איז אויפגעקלערט געוואָרן, דורך דער פרעסע און דורך דעם ראַדיאָ, אַז אַלע אַרעסטן און די געריכטלעכע מאַסן־מאָרדן זיינען פאַקטיש נישט געמאַכט געוואָרן דורך דער סאָוויעטישער מאַכט — נאָר דורך שעדיקער, פאַרעטער און פרעמדע אַגענטן.

צווישן די „ליקווידירטע" דורך די דאָזיקע „רייניקונגען" איז געווען זינאָוויעוו (אַ איד, זיין פריערדיקער נאָמען איז געווען הירש אַפּעלבוים), פון די ערשטע באָל־שעוויקעס, וועלכער האָט זיך אין יאָר 1917 אומגעקערט צוזאַמען מיט לענינ'ען קיין רוסלאַנד, מיטגליד פון פּאָליטביוראָ באַלד ביים אָנהויב פון שאַפן דידאָזיקע אינסטיטו־ציע. פאָרזיצער פון סאָוויעטישן ראַט אין פּעטראָגראַד און נאָכן גרינדן דעם קאָמאינטערן איז ער געווען זיין פאָרזיצער ביז 1926; קאַמעניעוו (אַ איד, זיין פריער־דיקער נאָמען — ראָזענפעלד), אַן אַלטער באָלשעוויק, אַ נאָענטער פריינט פון לענינען, אַ מיטגליד פון פּאָליטביוראָ פון זינט ער איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1917, וויצע־פּרעמיער אין דער רעגירונג ביים לעבן פון לענינען; סמירנאָוו, סעקרעטאַר פונם צענ־טראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי; פּיאַטאַקאָוו, מיטגליד פון צענטראַל קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי און וויצע־פאָרזיצער פונם העכסטן עקאָנאָמישן ראַט פון ראַטנפאַרבאַנד; סאָקאָלניקאָוו, מיטגליד פון פּאָליטביוראָ און אַמבאַסאַדאָר פון ראַטנ־פאַרבאַנד אין ענגלאַנד; ראַדעק (אַ איד, זיין פריערדיקער נאָמען — סאָבעלסאָן *), דער

---

* קאַרל ראַדעק (סאָבעלסאָן), געבוירן 1885 אין טארנע (גאַליציע) און דאָרט באַזוכט די שולן. אין דער סטודענטן־צייט געוואוינט און געלערנט אַ געווויסע צייט מיט יצחק שיפּער און מאַקס בינענשטאָק. געווען טעטיק אין דער פּ.פּ.ס. בעת דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע

הויפּט־רעדאַקטאָר פון „פּראַוודאַ״ (דער צענטראַל־אָרגאַן פון דער רוסישער באָלשעוויס־טישער פּאַרטיי), האָט זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד אין יאָר 1917 צוזאַמען מיט לעניניען און זינאָוויעוו׳ן, פון די הויפּט ־פירער פון קאָמאינטערן; ריקאָוו, פון די עלטסטע חברים אין דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, פּרעמיער נאָך לענינס טויט, אַ מיטגליד פון פּאָליטביוראָ; בוכאַרין, חבר און מיטאַרבעטער פון לענינען אין אויסלאַנד, מיטגליד פון פּאָליטביוראָ זינט 1918, פּרעזידענט פון קאָמאינטערן פון יאָר 1926 ביז 1929, מחבר פון די קאָמוניסטישע לערן־און שטודיר־ביכער, וועלכע זיינען געווען די פּאָפּולערסטע און פאַרשפּרייטסטע אין זיין צייט, און נאָך לענינס טויט — דער העכסטער טעאָרעטישער לערער אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג; קרעס־טינסקי — מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט, ראַטנפאַרבאַנדישער אַמבאַסאַדאָר אין דייטשלאַנד און וויצע־אויסרן־מיניסטער; יאַגאָדאַ — פירער פון ג.פּ.או.; טאָמסקי — דער פירער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען בעת לענין האָט געלעבט און אַ געוויסע צייט נאָך זיין טויט, אַ מיטגליד פון פּאָליטביוראָ, פון זיין שאַפונג אָן; רודזוטאַק — פּרעמיער פון ר.ס.פ.ס.ר. — די הויפּט־רעפּובליק אין ראַטנפאַרבאַנד, און נאָך אַסך פון דער באָלשעוויסטישער אָנפירערשאַפט, חברים און מיטאַרבעטער פון לענינען. אַלע זיינען ליקווידירט געוואָרן דורך די רייניקונגס־פּראָצעסן, אויסער טראָצקי׳ן, וואָס סטאַלין האָט נישט געוואַגט אַ לאַנגע צייט אים אָנצורירן, ווייל ער איז אַ סך יאָרן געווען אָנערקענט אַלס דער צווייטער הויפּט־פירער צוזאַמען מיט לענינען, וואָס האָבן געמאַכט די רעוואָלוציע, ער איז געווען באַקאַנט אַלס שאַפער פון דער רויטער אַרמיי און באַרימטער מיליטער־פירער. ערשט ווען סטאַלין האָט זיך פאַרפעסטיקט אין זיין מאַכט — איז טראָצקי אַרויסגעשיקט געוואָרן פון ראַטנפאַרבאַנד און ער איז דערמאָרדעט געוואָרן אין מעקסיקאָ, דורך איינעם פון די ג.פּ.או.־אַגענטן.

### 4. מאָרד אומעטום

און דער גורל פון די באָלשעוויסטישע פירער אין רוסלאַנד האָט נישט אויסגע־מיטן אויך די קאָמוניסטישע פירער אין אַלע לענדער, וואָס זיינען דעראָבערט געוואָרן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה דורך דער רוסישער אַרמיי.

דער בולגאַר טריטשאָ קאָסטאָוו, איינער פון די גרינדער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין זיין לאַנד, פּאָליטישער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי, פּאַקטישער פּרעמיער פון בולגאַריע, רעדאַקטאָר פון דער פּאַרטיי־צייטונג אין די יאָרן 1932—1931, מיטגליד פון באַלקאַנישן סעקרעטאַריאַט פון קאָמאינטערן אין די יאָרן 1934—1932, מיטגליד פון בולגאַרישן פּאָליטביוראָ זינט 1935 און ווייטער, הויפּט־מיטאַרבעטער פון דימיט־ראָוו׳ן — איז אַראָפּקעזעצט געוואָרן פון אַלע זיינע אַמטן אין אַפּריל 1949 צוליב „פאַרברעכערישע טאָלעראַנץ״ לגבי „נאַציאָנאַליסטישע״ נייגונגען און אין דעצעמבער 1949 איז ער באַשולדיקט געוואָרן אין פאַראַט, שפּיאָנאַזש און אין שעדיקעריי. ער איז פאַר׳משפּט געוואָרן צום טויט און דער אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן. צוזאַמען מיט קאָסטאָוון איז באַשולדיקט געוואָרן אין שפּיאָנאַזש, שעדיקעריי

אין 1905, געווען אַקטיוו אין קאָנגרעס־פּוילן. שפּעטער מיטאַרבעטער פון דער פּ.פּ.ס. צייטונג „נאַפּזשוד״ אין קראָקע און דאַן אַ ריי יאָרן אין דייטשלאַנד טעטיק אין דער ס. ד. פּרעסע.

באַמערקונג פון די אַרויסגעבער

און פאַראַט פראָפעסאָר איוואַן מאַטעיעוו, פינאַאַץ־מיניסטער און לאַנג־יעריקער קאָמו־ניסט; בלאַגוי איוואַנאָוו פאַנטשעוו, איוואַן געאָרגיעוו, דירעקטאָר פון אויסלענדישן האַנ־דלס ביוראָ, צאַניוושינטשעוו, דירעקטאָר פון נאַציאָנאַל־באַנק, וועלכער איז געווען אַקטיוו נאָך אין זיינע יונגע יאָרן אין דער קאָמוניסטישער יוגנט און איז צוליב דעם אַרעסטירט געוואָרן אין יאָר 1924 דורך דער בולגאַרישער קאַפּיטאַליסטישער רעגירונג; ניקאָלאַי פּאַוולאָוו קילעוו סעקרעטאַר פונם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין בולגאַריע און פאָרזיצער פון דער צענטראַלער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע פון דער פּאַרטיי. איז באַשולדיקט געוואָרן צוזאַמען מיט קאָסטאָוו׳ן אין שפּיאָנאַזש, פּאַראַט און שעדי־קעריי; געאָרגי גאַנעוו פירער פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי, מיטגליד פון פּאָליטביוראָ; פראָפעסאָר פּעטקאַ קונין, מיטגליד פון פּאָליטביוראָ, אינדוסטריע־מיניסטער און פינאַנס־מיניסטער; איוואַן מאַסלאַראָוו, מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, און נאָך אַ סך פון דער אָנפירערשאַפט זיינען גע׳משפּט געוואָרן אַלס פאַרעטער, שעדיקער, טיטאָ׳איסטן, שפּיאָנען א. א. וו.

אין רומעניע זיינען ליקווידירט געוואָרן נאָך דער סאָוויעטישער דעראָבערונג און נאָך דער שאַפונג פון דעם „פּאָלקס־דעמאָקראַטישן״ רעזשים אויף פאַרשידענע „אופנים״ לוקראַטשו פּעטראשקאַנו דער איינציקער קאָמוניסט אין דער רומענישער רעגירונג, וועלכע איז געבילדעט געוואָרן גלייך נאָך דער סאָוויעטישער דעראָבערונג; אַנאַ פּאַוקער, רומענישער אויסערן מיניסטער, מיטגליד פון פּאָליטביוראָ, פון אָרגביוראָ און סעקרעטאַרין פון דער רומענישער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי זינט 1922 און ווייטער, זיאיז געזעסן אירע מערסטע יאָרן אין רומענישע תפיסות און איז באַפרייט געוואָרן ערשט אין יאָר 1941, אין דער פאַרבינדוגס־תקופה צווישן סטאַלין און היטלער. דערווייל איז זי אַראָפּגעזעצט געוואָרן פון אַלע אירע אַמטן אין מאַי 1952, און דער סוף פון איר גורל איז נאָך נישט אונטערגעחתמ׳עט; וואַסיליע לוקאַ — פינאַנץ מיניסטער און שפּעטער וויצע־פּרעמיער אין דער „פּאָלקס־דעמאָקראַטישער״ רומעניע, מיטגליד אין פּאָליטביוראָ. אויך ער איז געווען אַרעסטירט אַ סך יאָרן אַלס קאָמוניסט און איז באַפרייט געוואָרן פון דער תפיסה ערשט מיטן אָנקום פון סאָוויעטישן מיליטער קיין רומעניע, איז „אָפּגערייניקט״ געוואָרן אין מאַי 1952 צוליבן „פאַרלירן דעם קלאַסן־חוש, לינקער אָפּנויג, פּראָטעקציאָניסטישע שטעלונג אין די יאָרן 1931—1929, ווען די פּאַרטיי האָט געאַרבעט געהיים״; טיהאָחאַר געאָרגעסקו — אינערן־מיניסטער און שפּעטער וויצע־פּרעמיער־מיניסטער, מיטגליד פון פּאָליטביוראָ, אָרגביוראָ, און סעקרעטאַריאַט, אַ לאַנגיאָריקער קאָמוניסט, איז „גערייניקט געוואָרן״ אין מאַי 1952; פּראָפעסאָר זילבער (אַ איד), פּאַרטיי־טעאָרעטיקער, אַן אויסגעשפּראָכענער אַנטי־ציוניסט, איז „אָפּגערייניקט געוואָרן צוזאַמען מיט פּעטראַסקאַנו; ראסקאנו—דערציאונגס מיניסטער, לאַנגיאָריקער קאָמוניסט, און צוזאַמען מיט זיי זיינען „אָפּגערייניגט״ געוואָרן נאָך אַ סך פון דער קאָמוניסטישער אָנפירערשאַפט. דער גרעסטער טייל נישט־אידן.

אין אַלבאַניע זיינען ליקווידירט און „אָפּגערייניקט״ געוואָרן קאָצי דזודזאָ סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און וויצע־פּרעמיער־מיניסטער, אַ לאַנג־יאָריקער קאָמוניסט; פּאַנדאָ־קריסטאָ, פאָרזיצער פון פּאָליטביוראָ פון דער קאָמוניס־טישער פּאַרטיי אין אַלבאַניע, אַ לאַנגיאָריקער קאָמוניסט, אַבדין שאַהו, אינדוסטריע־

מיניסטער, מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, און נאָך עטלעכע פירער פון דער קאָמוניסטישער אָנפירערשאַפט.

אין טשעכיע זיינען „ליקווידירט" געוואָרן: פּראָפעסאָר קולמאַן (אַ איד), דער טעאָרעטיקער און אידעאָלאָג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אַ לאַנגיאָריקער קאָמוניסט, וועלכער איז אין אָנהויב פון דער מלחמה אַנטלאָפן קיין ראַטנפאַרבאַנד און באַקומען די סאָוויעטישע בירגערשאַפט. ער איז „אָפּגערייניקט" געוואָרן אין יאָר 1949 צוליב זיין קעגנערשאַפט צו סלאַנסקין, דעם פּאַרטיי־סעקרעטאַר. רודאָלף סלאַנסקי, וועלכער האָט זוכה געווען צו אַ ספּעציעלער פּאָפּולאַריטעט ביי אונז אין לאַנד, איז געווען סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי ביז סעפּטעמבער 1951, וויצע־פּרעמיער־מיניסטער פאַר עקאָנאָמישע ענינים, איינער פון די גרינדער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין טשעכאָסלאָוואַקיע אין יאָר 1920. דער פּאַרטיי־פאַרשטייער פון קאָמאינטערן, איז ער איצט פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט דעם 28־טן נאָוועמבער 1952 פאַר פאַראַט, שעדיקעריי, שפּיאָנאַזש און מאַכן אַ פּרווו אָראָפּצוואַרפן דעם פאָלקס־דעמאָקראַטישן רעזשים. נאָך אין די דרייסיקער יאָרן איז ער געווען, לויט דעם באַשולדיקונגס־אַקט, „אַן אַגענט פון אַמעריקאַנישן שפּיאָנאַזש־דינסט און פאַרשטייער פון אינטערנאַציאָנאַלן ציוניזם". (סלאַנסקי איז, ווי באַוואוסט, געווען אַן אויסגעשפּראָכענער אַנטי־ציוניסט און ער האָט זיך באַמיט אָפּצוהאַלטן גאָטוואַלד'ן, זאַפּאָטאָצקי'ן, קלעמענטיס'ן און שיראָקי פון פאַרקויפן געווער ישראל). סלאַנסקי „האָט זיך מודה געווען" אין אַלע פאַרברעכנס און באַלד נאָכן אורטייל האָט מען אים געהאָנגען. באַדריך געמינדער (אַ איד)—אינטערנאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין די 20־ער יאָרן אין בערלין, געאַרבעט אין קאָמאינפאָרם, געווען דימיטראָוו'ס סעקרעטאַר, אומגעקערט זיך קיין טשעכאָסלאָוואַקיע אין יאָר 1945 און ער איז געווען דער פאַרבינדלער צווישן מאָסקווע און פּראַג. אויך ער איז באַשולדיקט געוואָרן אין פאַראַט, שפּיאָנאַזש און שעדיקעריי און אַ.וו. ער האָט זיך „מודה געווען" אין אַלע פאַרברעכנס און איז געהאָנגען געוואָרן צוזאַמען מיט סלאַנסקי'ן; לודוויק פרייקע (אַ איד)—מיטגליד פון פּאַרטייאישן צענטראַל־קאָמיטעט, אַ לאַנגיאָריקער קאָמוניסט, איז באַשולדיקט געוואָרן אין שעדיקעריי, „זיך מודה געווען" אין אַלע פאַרברעכנס און מען האָט אים געהאָנגען. וולאַדימיר קלעמענטיס (נישט קיין איד) — אויסערן־מיניסטער, לאַנגיאָריקער קאָמוניסט, איז באַשולדיקט געוואָרן אין אַלע עבירות — „זיך מודה געווען" און מען האָט אים געהאָנגען.

ד"ר עזשען לעבל (אַ איד), אַ לאַנגיאָריקער קאָמוניסט, וויצע־אויסערן־מיניסטער, פאַר'משפּט געוואָרן אין סלאַנסקי'ס פּראָצעס אויף אייביקער תפיסה; וויליעם נאָווי — רעדאַקטאָר פון דער פּאַרטיי־צייטונג „רודע פּראַוואָ", מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט, איז אַרעסטירט געוואָרן אין פרילינג 1949 און נאָך נישט גע'משפּט געוואָרן; אַנדריי סימאָן (אַ איד) דער נייער רעדאַקטאָר פון „רודע פּראַוואָ" „האָט זיך מודה געווען" און מען האָט אים געהאָנגען; באַדריך רייצי (אַ איד), וויצע־זיכערהייט־מיניסטער, מיטגליד פון פּאַרטייאישן צענטראַל־קאָמיטעט, אַ לאַנגיאָריקער קאָמוניסט, גע'משפּט געוואָרן צוזאַמען מיט סלאַנסקי'ן, „זיך מודה געווען" און געהאָנגען געוואָרן; אַרטור לאָנדאָן, (אַ איד) — וויצע־אויסערן מיניסטער, אַ לאַנגיאָריקער קאָמוניסט, געאַרבעט

אין אַפּאַראַט פון קאָמינטערן, — „זיך מודה געווען״ און איז פאַר׳מישפּט געוואָרן אויף אייביקע תפיסה. וואוורו היידו (אַ איד) — וויצע־אויסערן־מיניסטער, לאַנגיאָריקער קאָמוניסט, „זיך מודה געווען״ אין זיינע פאַרברעכנס און פאַראורטיילט געוואָרן צו אייביקער תפיסה; רודאָלף מרגליות (אַ איד) — וויצע־אויסערן־מיניסטער און האַנדלס־מיניסטער און ד״ר אָטאָ פישל (אַ איד) — וויצע־פינאַנץ־מיניסטער, אַ לאַנג־יאָריקער קאָמוניסט — „האָבן זיך מודה געווען״ און זיינען געהאָנגען געוואָרן.

אין אונגאַרן איז געטויט געוואָרן לאַסלאָ רייק, אויסערן־מיניסטער און אינערן־מיניסטער אין דער קאָמוניסטישער רעגירונג, מיטגליד פון פּאָליטביוראָ, איז אַריינגעטרעטן אין דער פּאַרטיי נאָך אין יאָר 1931, אין עלטער פון 22 יאָר, און אין יאָר 1932 איז ער אַרעסטירט געוואָרן אַלס קאָמוניסט. ביי דער רייניקונג איז ער באַשולדיקט געוואָרן אין אַ פאַרשווערונג צו דערמאָרדן דעם אונגאַרישן פּרעמיער־מיניסטער, „זיך מודה געווען״ און דער׳הרג׳עט געוואָרן אין אָקטאָבער 1949; גענעראַל געאָרג פּאַלפּי, דער הויפּט פון גענעראַל־שטאַב, וויצע־זיכערהייטס־מיניסטער, מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, איז באַשולדיקט געוואָרן צוזאַמען מיט רייקן, „זיך מודה געווען״ און דער טויט־אורטייל איבער אים איז אויס־געפירט געוואָרן אין אָקטאָבער 1949; ד״ר טיבאָר סאאָני סעקרעטאַר פון דער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי אין אונגאַרן, מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון דער פּאַרטיי און מיטגליד פון דער צענטראַלער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע איז באַשולדיקט געוואָרן אין פּאָטערלאַנד־פאַראַט, „זיך מודה געווען״ און איז געטויט געוואָרן אין אָקטאָבער 1949.

צוזאמען מיט זיי זיינען „אָפּגערייניקט״ און פאַר׳מישפּט געוואָרן נאָך עטלעכע מענטשן פון דער אָנפירערשאַפט, ווי למשל, ד״ר פּ. יוסטוס, אנדראס סאלאי לאַסלאָ סוליום, געאָרג מאַראָזען און אַנדערע.

אין פּוילן זיינען „אָפּגערייניקט״ געוואָרן: וולאַדיסלאַוו גאָמולקאָ, וויצע־פּרעמיער־מיניסטער, סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי — ער איז באַ־זייטיקט געוואָרן פון אַלע אַמטן. דער פּראָצעס קעגן אים איז נאָך נישט פאָרגעקומען; גענעראַל מאַריאַן ספּיכאַלסקי, קאָמענדאַנט פון פּוילישן באַטאַליאָן אין דער אינטער־נאַציאָנאַלער בריגאַדע אין שפּאַניע, מיטגליד פון פּאָליטביוראָ, רעסטאַווראַציע־מיניסטער, איז באַזייטיקט געוואָרן צוזאַמען מיט גאָמולקאָ׳ן, געפינט זיך אין אַרעסט און נאָך נישט געשטעלט צום משפּט; זענאָן קלישקאָ, מיטגליד פון פּאָליטביוראָ, פּאַרטיי־סעקרעטאַר, וויצע־יוסטיץ־מיניסטער, באַשולדיקט צוזאַמען מיט גאָמולקאָ, נאָך נישט געשטעלט צום משפּט.

### 5. קיין צווישנוועג איז נישטאָ

די איינציקע קאָמוניסטישע פירער, וועלכע זיינען נאָך נישט „אָפּגערייניקט״ געוואָרן און זיינען נאָך נישט געהאָנגען געוואָרן פאַר פאַראַט, שעדיקעריי און שפּיאָ־נאַזש — זיינען די, וועלכע געפינען זיך אין מערב־לענדער. אויסער, אפשר, דער איינאונאיינציקער, וועלכע שטייט איצט אין שפּיץ פון דער סטאַליניסטישער היראַרכיע — איז נישטאָ קיין איין קאָמוניסטישער פירער אין ראַטנפאַרבאַנד אָדער אין די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס, וואָס זאָל זיין זיכער, אַז עס וועט אים נישט טרעפן דער גורל פון זינאָוויעוו, בוכאַרין, קאָסטאָוו, רייק און סלאַנסקי.

דאָס זיינען די „אינערלעכע שונאים", וואָס מפ"מ האָט זיך מנדב געווען צו שטיין קעגן זיי צוזאַמען מיט דער קאָמוניסטישער וועלט „אָן אָפּהאַלט" — מיטן באַדינג, פאַרשטייט זיך, אַז צווישן דידאָזיקע אינערלעכע שונאים זאָל נישט אַריינ־פאַלן, צופעליק אָדער נישט צופעליק, אַ חבר פון „השומר הצעיר". מפ"מ האָט זיך אויך, פאַרשטייט זיך, פאַרפליכטעט צו שטיין אויף דער זייט פון די לענדער פון סאָציאַליזם און פאָלקס־דעמאָקראַטיעס אין זייער פאַרטיידיקונג קעגן די אויסלענדישע פיינט. און עס איז זיי גאָרנישט איינגעפאַלן, די חכמים פון מפ"מ, אַז נישט זיי — נאָר דער קרעמל באַשטימט, פון צייט צו צייט, ווער עס זיינען די „שונאים", סיי די פון אינעווייניק און סיי די פון דרויסן. און וואָס וועט טאָן דער „השומר הצעיר" אויב אַלס שונא וועט אויסגעוויילט ווערן — דאָס אידישע פאָלק, וואָס וועט אָנגערופן ווערן מיטן נאָמען „אַ אידישע אינטערנאַציאָנאַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע", ווי עס רופט אים איצט סטאַלינס צייטונג אין מאָסקווע, די „פּראַוודאַ"?

צו אונזער אומגליק איז עס איצט נישט קיין רעטאָרישע פראַגע, נאָר אַן אַכזריות'דיקע ווירקלעכקייט. דער חבר אריה פון „דער „השומר הצעיר"־אָרגאַניזאַציע אין ישראל האָט געגעבן זיין ענטפער און ער רעדט אין נאָמען פון אַ סך יוגנטלעכע פון „השומר הצעיר". דערדאָזיקער ענטפער, וואָס איז געגעבן געוואָרן אַלס מאָטאָ אין אונזער אַרטיקל, איז דער אַלטע מעמענטאָ: „מנא מנא תקל ופרסין".

אויך דאָס אידישע פאָלק און די ציוניסטישע באַוועגונג וועלן שטעלן דעם „השומר הצעיר" און מפ"מ די פראַגע פון זייער חבר אריה מיט אַן ענדערונג אין נוסח: מען קען זיך אידענטיפיצירן מיטן אידישן פאָלק און מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג — און מען קען זיך אָנשליסן צו זייער'ע שונאים; קיין צווישן־וועג איז נישטאָ. און וועגן דער פראַגע וועט נאָך גערעדט ווערן.

## ג. אידענטיפיצירונג מיט רוסלאנד מיינט — בלינד פאָלגן

„קיין שום אַרגומענטן פון מאָלאָטאָוו'ן קענען נישט פאַר־ענטפערן דעם פ אַ ר אַ ט פון ס ט אַ ל י נ ע ן, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין שליסן דעם אָפּמאַך מיט היטלער'ן אין איצטיקן מאָמענט".

משה ציפור
(„השומר הצעיר"־צייטונג פון הקיבוץ הארצי פון השוה"צ, נ. 35—45, 26־טן סעפטעמבער 1939).

„סטאַלין קען זיך טאָקע דערלויבן צו פּראָקלאַמירן „בייטראַ־ליטעט", נאָכדעם, ווי ער האָט אין די לעצטע יאָרן פאַרפירט די אַלוועלטלעכע באַוועגונג דורך דער פּאָליטיק פון אַן אַנטיפאַשיס־טישן פראָנט, כדי איבּ שפּעטער אַזוי לייכט צו פ אַ ר אַ ט ן".

(דאָרט, נ. 36, 22־טן סעפטעמבער 1939).

„מפ״מ האַלט זיך פאַר אַן אינטעגראַלן טייל פון דעם לאַגער אין דער וועלט, וואָס ראַטנפאַרבאַנד שטייט אין איר שפיץ. מיר וועלן שטיין, אָן אָפּהאַלט, אויף דער זייט פון די לענדער פון סאָציאַליזם און פון פאָלקס־דעמאָקראַטיעס — אין זייער פאַר־טיידיקונג, וואָס איז אַ לעבנס־נויטווענדיקייט פאַר די לענדער פון סאָציאַליזם״.

(פון די באַשלוסן פונם מפ״מ־ראַט, אין 24—25 דעצעמבער 1952).

1. דער כל־בו־וועקסל פון מפ״מ

מפ״מ רופט די אַרבעטער און די יוגנט אין ישראל, דאָס הייסט, די גרעסטע מערהייט פון פאָלק, צו אידענטיפיצירן זיך נישט בלויז מיטן סיסטעם פון דער פּאָליטיק, רעזשים און עקאָנאָמיע אין ראַטנפאַרבאַנד, נאָר אויך מיט זיינע קאַמפּן, גערענגלען און פּראָצעסן קעגן די „אינערלעכע און אויסערלעכע שונאים״. דידאָזיקע הורטאָווגע און טאָטאַלע איינלאַדונג ווערט אונז פאַרגעלייגט דורך אורנ׳ס חברים נאָכן פּראַגער פּראָצעס און בעת דער פונאַנדערפלאַקערונג פון שנאת ישראל דורכן קרעמל (נישט „אַנטיסעמיטיזם״, חס ושלום, וואָס איז, ווי באַוואוסט, פאַרבאָטן אין ראַטנפאַרבאַנד). מיר ווערן גערופן איצטער צו שטיצן דעם ראַטנפאַרבאַנד „אָן אָפּהאַלט״, סיי בעת אַ מלחמה, סיי בעת אַ שלום, קעגן די אַלע וואָס ראַטנפאַרבאַנד האַלט זיי פאַר שונאים, פון אינעווייניק און פון דרויסן. דאָס איז נישט קיין קלייניקייט.

נישט מפ״מ און נישט מיר האָבן אַפילו גישט דאָס רעכט נאָכצוקאָנטראָלירן און אורטיילן ווער עס איז דער גערעכטער און דער אָרנטלעכער און ווער עס איז אומ־גערעכט און פאַרברעכעריש אין דעמדאָזיקן אינערלעכן און אויסערלעכן קריג. „דער חלוצישער ציוניזם און דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם״, וואָס ברענען ווי אַ פייער אין די נשמות פון מפ״מ, — פאַרלאַנגען, אַז מיר זאָלן פון פאָרויס, מיט אַ פאַרמאַכטע אויגן, אָן שום וואַקלעניש און פאַרטראַכטונג זיך פאַרפליכטן צו אַקצעפּטירן און זאָגן אָמן אויף אַלע משפטים פון ראַטנפאַרבאַנד, וואָס ער פירט קעגן די אינערלעכע שונאים און אויף אַלע זיינע קאַלטע און וואַרעמע מלחמות קעגן די אויסערלעכע שונאים.

אַפילו די פירער פון מפ״מ, אויך די אָנפירער פון דער „לינקער גרופּע״ פון „השומר הצעיר״, וועלכע הערן נישט אויף נאָכן אַרויסטרייבן באַסטאַני, טובין און סנה, צו האַלטן זיך אונטער די פליגל פון מפ״מ און באַווירקן זי מיט זייער „לינקייט״, אפילו זיי, וועלן נישט מאַכן קיין אָנשטעל, אַז ראַטנפאַרבאַנד איז זיך מיט זיי מיישב און פרעגט זייער מיינונג קעגן ווענען צו צילן די פיילן פון איר קאַמפּס־אַרסענאַל, צי אינעווייניק, צי דרויסן. די חכמים און געזעצגעבער פון מפ״מ נעמען אָן פון פאָרויס, אַז ראַטנפאַרבאַנד איז בכלל נישט מסוגל און קען גאָרנישט באַגיין קיין טעות אָדער טאָן אַן עוולה צי אַן אומגערעכטיקייט נישט אין דער אינער־לעכער און נישט אין דער אויסערלעכער פּאָליטיק (אויב עס רירט נאָר נישט אָן די חברים פון „השומר הצעיר״ און די ממשות׳דיקע אינטערעסן פון הקיבוץ הארצי).

מפ״מ האָט נישט באַווייליקט אונז אויסצוזאָגן אירע דורכגעטראַכטע און אויפ־געקלערטע מאָטיוון פאַרוואָס זי האָט אויף זיך גענומען דידאָזיקע אומבאַגרענעצטע

און באַדינגונגסלאָזע פּאַרפּליכטונג און פּאַרוואָס זי פּאָדערט פון די ישראל׳דיקע אַר־בעטער און פון דער פּאָלקס־יוגנט נאָכצוגיין בלינדערהייט נאָך דער אינערלעכער און אויסערלעכער פּאָליטיק פון ראַנטפּאַרבאַנד, אָבער מיר, און די אַלע, וועלכע זיינען אויפגעפּאָדערט געוואָרן דורך מפ״מ אונטערצושרייבן דעמדאָזיקן כל־בו־וועקסל מיט פּאַרמאַכטע אויגן, מעגן דאָך זיך, קודם־כל, אַביסל פּאַרטראַכטן און נאָכקאָנטראָלירן ווען מיר דערלאַנגען דידאָזיקע טאָטאַלע פּאַרפּליכטונג. דער וועקסל, וועלכן מפ״מ האָט אונטערגעשריבן און אויף וועלכן זי פּאָדערט אויך די אונטערשריפט פון דער ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט, איז נישט עפּעס אַ פּאַפּירל, אָט דער וועקסל פּיקסירט, פורעמט אויס און קריסטאַליזירט אונזער גאַנצע מאָראַלישע און פּאָליטישע אויפאַ־סונג, ער שטעלט פעסט אַלע אונזערע מענטשלעכע און אידישע באַציאונגען אין דער וועלט, סיי אין דער אידישער און סיי אין דער אינטערנאַציאָנאַלער וועלט, ער איז מבטל און מאַכט־צו־נישט איין מאָל פאַר אַלע מאָל אונזער פרייע אורטיילונג און פריהייט פון קריטיק לגבי אַלץ וואָס עס טוט אַ גרויסמאַכט, איינע פון די גרעסטע מאַכטן אין דער וועלט, וועלכע איז בכלל נישט אָפּהענגיק נישט אין אונזער ווילן, נישט אין אונזערע לעבנסוויכטיקע אינטערעסן, נישט אין אונזער קריטיק און נישט אין אונזער השפּעה און אין אונזערע פּאַרהאַנדלונגען.

אַזאַ פּאַרפּליכטונג, אויף וויפיל עס איז באַקאַנט אין דער מענטשלעכער גע־שיכטע, איז ביזן הייטיקן טאָג נאָר געגעבן געוואָרן דורך נאַאיווע, גלויביקע צו גאָט, און אפשר אויך דורך פרומע קאַטאָליקן צום פּויפּסט, להבדיל, נאָכדעם ווי ער אַליין האָט פעסטגעשטעלט דעם פּרינציפּ, אַז דער פּויפּסט קען זיך קיינמאָל נישט טועה זיין אין די ענינים פון דער קירכע.

דידאָזיקע פּאַרפּליכטונג, וואָס מפ״מ האָט געגעבן אויף איר אייגענע פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט און אין איר נאָמען, אָבער מיט דעם שטאַרקן ווילן, אַז זי זאָל ווערן די פּאַרפּליכטונג פון דער גאַנצער אַרבעטער־באַוועגונג און פון דער יוגנט אין ישראל — זי וואָלט פּאַקטיש מבטל געמאַכט, פּראַקטיש און טעאָרעטיש, די סוווערעניטעט פון מדינת ישראל און וואָלט אָפּגעמעקט דעם מענטשלעכן און אידישן פּרצוף פון אונז, אויב מפ״מ וואָלט דערגרייכט איר פּאַרלאַנג; אמת איז, אַז די „פּאַראייניקטע אַרבעטער פּאַרטיי״ איז פּאַקטיש אַן אינערלעך צוקריגטע, אונטערגייענדיקע און זיך אייגבּרעכענדיקע פּאַרטיי, וועלכע געפינט זיך אין אַ פּראָצעס פון צעפאַלונג און פער־מאַנענטער דעגענעראַציע, אָבער זי האָט זיך נאָך נישט אָפּגעזאָגט פון דער פּרעטענזיע צו זיין די אָנפירנדיקע און הערשנדע פּאַרטיי אין ישראל, און די פּאַרשטייער פון מפ״מ אין כנסת רעדן זיך איין, אַז זיי קענען באַשטימען דעם אינערלעכן און אויסער־לעכן גאַנג פון דער מדינה און די פּאַרטיי־שליחים אין עלית הנוער, אין עולים־לאַגערן, אין שולן, זעצן ווייטער פאָר צו „דערציען״ אַ נישט קליינעם טייל פון דער יוגנט.

2. רעפּאָרמיסטן, טיטאָאיסטן און סטאַליניסטן אין איין „אידעישן קאָלעקטיוויזם״

די סכנה, אַז מפ״מ זאָל ווערן אַ הערשנדער כוח איז אַ גאַנץ קנאַפּע, און מען קען זאָגן, אַז דאָס איז אַן אויסגעשלאָסענע זאַך. דאָס אַראָפּקייקלען זיך פון דער־דאָזיקער פּאַרטיי באַרג־אַראָפּ וועט זיך, ווי עס זעט אויס, נישט אָפּשטעלן ביז זי וועט דערגיין צום תהום, און אפשר, ביז זי וועט אין איר פּאַרשלונגען ווערן. אָבער

מען דאַרף נאָר דערוויל נישט גרינגשעצן מפ"מ, אויך אין איר נעבעכדיקן מצב.

הונדערטער און טויזנטער קינדער און יוגנטלעכע, וועלכע פאַרשטייען נאָך נישט אונטערצושיידן צווישן גוטס און שלעכטס, ווערן דורך איר דערצויגן; און יעדעס קינד אין ישראל איז טייערער פון גאָלד און פונקט, ווי עס איז געזאָגט, אַז יעדער וואָס דערהאַלט ביים לעבן איין אידישע נשמה איז, ווי ער וואָלט דערהאַלטן ביים לעבן אַ וועלט אַ גאַנצע, אַזוי אויך יעדער וואָס צעשטערט און מאַכט חרוב איין אידישע נשמה איז, ווי ער וואָלט צעשטערט און חרוב געמאַכט אַ וועלט אַ גאַנצע. אין די רייען פון מפ"מ געפינען זיך מענטשן נישט מיט קיין אָרעמער און פוסטער פאַרגאַנגענהייט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, אינם ישוב און אין ציוניזם, און זי זיצט אין דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע און האָט אַ דעה איבער דער עליה און קליטת־עולים. און דער רעכטער לאַגער אין ישראל, וועלכן מען קען נישט חושד זיין אין איבעריקער ליבע צו ראַנטפּאַרבאַנד און דעם „רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם", איז פאַראינטערעסירט אין דער עקזיסטענץ פון מפ"מ, ווי אין אַ פאַרטיי וואָס האָט געגוג כוח צו שפּאַלטן די אַרבעטער־באַוועגונג און זי אָפּצושוואַכן, צו פאַרקלענערן איר השפעה אין דער מדינה און אין פאָלק. אָט דעם רעכטן לאַגער אַרט נישט, וואָס מפ"מ שעדיקט די מדינה. פאַר די רעכטע איז וויכטיק די עקזיסטענץ פון דער־דאָזיקער פאַרטיי, ווייל זיי וויסן, אַז אַדאַנק איר איז צעשפּאָלטן די ישראל'דיקע אַרבעטערשאַפט און זי איז נישט מסוגל צו שאַפן די פאַרייניקטע פאַרטיי, וועלכע זאָל בילדן אַ סטאַבילע מערהייט אין דער כנסת און אין פאָלק, טראָץ דעם פאַקט, וואָס דאָס אַרבעטנדיקע פאָלק איז די אַנטשיידנדיקע מערהייט פון אידישן פאָלק אין ישראל. סיי אין דער ערשטער כנסת און סיי אין דער צווייטער כנסת האָבן די אָרגאַניזירטע אַרבעטער געהאַט אַן אַנט־שיידנדיקע מערהייט צווישן די ווײלער און צווישן די געוויילטע, און נאָר דאָס אָפּ־זונדערן זיך פון מפ"מ מאַכט צו נישט די אַרבעטער־מערהייט אין דער מדינה. די רעכטע ווייסן, אַז פאַקטיש איז יעדע שטים, וואָס ווערט אָפּגעגעבן פאַר מפ"מ, גלייך, ווי זי וואָלט אָפּגעגעבן געוואָרן די רעכטע. זיי ווייסן, אַז די שנאה פון מפ"מ צו מפלגת פועלי ארץ־ישראל, די דעצידירנדיקע מערהייט אין דער אַרבעטער־הסתדרות — איז גרעסער פון איר שנאה צו די רעכטע און אַז מפ"מ שטימט אין כנסת, אויסער אין אויסערגעוויינלעכע פאַלן, צוזאַמען מיט די רעכטע פראַקציעס. עס איז אַ פאַקט, אַז — אמת, צוליב אינערלעכע, צווישן זיך קעגנזעצלעכע און ווידערשפּרעכנדיקע מאָ־טיוון, — עקזיסטירט אין דער אינסטיטוציע פון די פאָלקס־פאַרטרעטער אַ פעסטע קאָאַליציע צווישן מק"י און מפ"מ פון איין זייט און מיט די רעכטע פון דער צווייטער זייט.

די קאָמוניסטישע פאַרטיי אין איר אָ פ ע נ ע ר און קלאָרער שטעלונג פון בליב־דער און אַבסאָלוטער צוגעבונדנקייט צו מאָסקווע, איז נישט און קען נישט זיין קיין ערנסטער שפּאַלטונגס־ און אָפּשוואַכונגס־פאַקטאָר אין דער ישראל'דיקער אַרבעטער־באַוועגונג. דידאָזיקע פאַרטיי שעפּט אירע כוחות, בעיקר, פון יענע אַראַבישע קרייזן, וואָס זיינען פול מיט שנאה צו אידן און צו מדינת ישראל, און אין אידישן ישוב איז זי פאַר'משפט צו זיין קליין און נישטיק אין איר צאָל, און אויף וויפיל זי האָט אַ גע־וויסע השפעה צווישן דער יוגנט — ציט זי אָט די השפעה, בעיקר, פון קוועלן פון „השומר הצעיר" און מפ"מ, וועלכע גרייט צו די יוגנט־קרייזן אויפצונעמען די „קאָ־

מוגיסטישע״ תורה. די איינציקע פּאַרטיי אין לאַנד, וועלכע איז נאָך דערווייל מסוגל צו צעברעכן די אייניקייט פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג און איר אַנט־שיידונגס־פעאיקייט אין מדינת ישראל — איז מפ״מ. צוליב דעם זיינען די רעכטע — טראָץ זייער נעגאַטיווער באַציאונג און אינערלעכע שנאה צו מפ״מ — נישט צופרידן פון דער צעפּאַלונג פון דערדאָזיקער פּאַרטיי. דער שאָדן וואָס עס קען ברענגען אַן אַרבעטער־פּאַרייניקונג פון איין גרויסער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז, אין די אויגן פון די רעכטע, גרעסער, ווי דער שאָדן וואָס דער „השומר הצעיר״ ברענגט דער יוגנט און דער מדינה. און אין דער רעאַגירונג אויפן פּראַגער פּראָצעס און אויפן מאָסקווער עלילת־דם, האָט זיך אין דער רעכטער פּרעסע געפילט אַ מורא, צי וועט די זאַך נישט ברענגען קיין סך שטערונג דער מפ״מ, און די שמחה אין אָט דעם לאַגער איז געוואָרן זייער גרויס, ווען אַלץ האָט זיך געענדיקט נאָר בלויז מיט דער אָפּשפּאַלטונג פון סנה און זיין נעבעכדיקער פראַקציע, וועלכע האָט נישט קיין וואָרצלען אין דעם חלוצישן לאַגער פון דער ישראל׳דיקער אַרבעטערשאַפט.

דער „השומר הצעיר״, דער הויפּט־כוח אין מפ״מ — איז דער אור־יסוד פון סעפּאַראַטיזם און שפּאַלטעריי אין דער ישראל׳דיקער אַרבעטער־באַוועגונג, און אָט דער כוח ליידט כמעט נישט פון דעם צעפּאַלונגס־פּראָצעס, וועלכן עס מאַכט איצט דורך מפ״מ.

אין דער ערשטער כנסת האָט מפ״מ געהאַט 20 דעפּוטאַטן, ביי דער עפענונג פון דער צווייטער כנסת — נאָר 15, פון זיי זיינען דערווייל אָפּגעפאַלן פינף, פריער די ליבשיץ־גרופּע און איצט, להבדיל, די סנה־גרופּע. דער צוזאַמענשטעל פון דער מפ״מ־פראַקציע איז באַלד, לכתחילה, געווען אַ קינסטלעכער, כל־זמן דער „השומר הצעיר״ האָט געקענט הערשן אומגעשטערט, — האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז באמת אַ פּאַר־אייניקטע פּאַרטיי, אָבער דער „השומר הצעיר״ איז נישט מסוגל, לויט זיין מהות, זיך אמת׳דיק פאַרבינדן מיט קערפּערשאַפטן און פּערזאָנען, וואָס זיינען נישט קיין חברים אין זיין קיבוץ. די סאָציאַליסטישע ליגע וואָס דער „השומר הצעיר״ האָט געגרינדעט אין זיין צייט — איז נאָר געווען אַ געהאָרכזאַמער אינסטרומענט פון הקיבוץ הארצי,— די ליגע האָט נישט געהאַט קיין שום מאָראַלישע און אידעאישע זעלבסטשטענדיקע קאָמ־פּעטענץ, און איר אויפגאַבע איז געווען אויסצופירן אונטערטעניק און געטריי די אָנ־ווייזונגען פון „השומר הצעיר״. די חברים פון „השומר הצעיר״ האָבן זינט זייער קומען אין לאַנד ביזן היינטיקן טאָג זיך באַצויגן מיט פאַראַכטונג צו די אַרבעטער־מאַסן און זיי זיינען זיי געווען פרעמד מיט זייער נשמה און מיט זייער גייסט. און זיי האָבן אין די אַרבעטער נאָר געזען אַן אָביעקט פאַר זייער טעטיקייט און השפּעה.

כל זמן דער קיבוץ המאוחד און די שטאָטישע חברים פון דער „סיעה ב״ פון איין זייט, און די מק״י־אַגענטן אין מפ״מ פון דער צווייטער זייט, זיינען געווען גרייט אונטערצוואַרפן זיך די באַשלוסן פון הקיבוץ הארצי — איז מפ״מ, כלפי חוץ, געווען, ווי איין פּאַרטיי. חברים פון הקיבוץ הארצי, וועלכע האָבן געמאַכט לאָגישע אויספי־רונגען פון דער צוזאַמענשליסונג־לערע און פון „רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם״ און האָבן נישט געוואָלט שפּילן די צוויי־פּנים׳דיקע ראָל פון „השומר הצעיר״, אַ ראָל פון אַ טיטאָ, וועלכער שטעמפּלט טיטאָ׳ן, און זיי זיינען געוואָרן „אמת׳דיקע״ קאָמו־ניסטן — דאָס הייסט, זיי האָבן אַוועקגעשטעלט דעם אינטערעס פון קאָמוניזם איבערן

אינטערעס פונעם קיבוץ השומר הצעיר, — די אַלע זיינען באַזייטיקט געוואָרן אָן רחמנות און אַרויסגעטריבן געוואָרן פון די השומר הצעיר־קיבוצים. דער „אידעאישער קאָלעקטיוויזם״ איננם קיבוץ ארצי איז אָפּגעהיט געוואָרן מיט גרויס פּעדאַנטישקייט אויך אין דער „פּאַרייניקטער״ פּאַרטיי, אַזוי לאַנג, ווי די איבעריקע טיילן פון דער פּאַרטיי האָבן געהאַט אָן אינטערעס אָדער אַ באַדערפעניש אונטערצוגעבן זיך דעם דין פון הקיבוץ הארצי. די שפּאַלטן אין דער פּאַרטיי האָבן זיך באַוויזן — ערשט ווען אימיצער האָט ווידערשפּעניקט אין דער העכסטער קאָמפּעטענץ פון „השומר הצעיר״ אין מפּ״מ. פריער אָדער שפּעטער האָט דאָס געמוזט געשען, ווייל אין דער „פּאַרייניק־טער״ פּאַרטיי האָבן זיך, לכתחילה, פאַרייניקט עלעמענטן וועלכע האָבן זיך בשום אופן נישט געקענט פּאַרבינדן אין איין גאַנצקייט, און דעריבער האָט זיך מיטן אַרויס־טריט פון דער ליבשיץ־גרופּע פון איין זייט און מיט דער סנה־גרופּע פון דער צווייטער זייט, נאָך נישט פאַרענדיקט דער צעפּאַלונגס־פּראָצעס פון אָט דער געלאַטעטער פּאַרטיי. אָבער אין מפּ״מ געפינט זיך אַ פעסטער עיקר׳דיקער קערן, וועלכער וועט בלייבן ביי זיין פּאָזיציע ביזן סוף, — דערדאָזיקער קערן איז דער קיבוץ ארצי פון השומר הצעיר.

און ווען אפילו עס וועלן פון אים אָפּפאַלן אַלע זיינע שותפים — דאַרף מען דאָך נישט גרינגשעצן דעם כוח און דעם ווערט פון דעמדאָזיקן קיבוץ. דער „השומר הצעיר״ האָט אַ פּרעכטיקע חלוצישע פּאַרגאַנגענהייט. די השומר הצעיר׳ניקעס האָבן נישט באַגייט קיין שום געדאַנק און זיי האָבן נישט צוגעבראַכט קיין שום מאָראַלישן, געזעלשאַפטלעכן און ארץ־ישראל׳דיקן פּאַרמעג אָדער אויפטו דער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאַנד; אפילו זייער נאָמען האָבן זיי גענומען פון אַנדערע. אָבער זיי האָבן נישט ווייניק יאָרן פאַרווירקלעכט מיט פּאַנאַטיזם, עקסטרעמקייט און מיט נישט ווייניק פעאיקייטן עטלעכע עיקר־יסודות פון דער צווייטער עליה: לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעט, קאָלאָניזאַציע, העברעאיש אַלס טאָג־טעגלעכע שפּראַך און קיבוציש לעבן; און אין דער פלעגונג פון חברישע באַציאונגען אין די קיבוצים זיינען די חברים פון „השומר הצעיר״ איבערגעשטיגן אַלע אַנדערע קאָלאָניזאַטאָרישע און קיבוצישע קער־פּערשאַפטן.

און כאָטש די „קאָלעקטיווע אידעאישקייט״ פון „השומר הצעיר״ איז אין איר יסוד אַ פיקציע, און די מיינונגען אין קיבוץ איבער פּרינציפּיעלע פראַגן זיינען צע־טיילט אָן דער מעגלעכקייט פון אַ סינטעז צווישן זיי, (עס געפינען זיך אין „השומר הצעיר״ אויסגעשפּראָכענע „רעפאָרמיסטן״, טיטאָאיסטן און סטאַליניסטן) — איז אָבער די קאָלעקטיווע משפּחה־דיקייט פון זייער קיבוץ אַ פעסטע (דאָס ווערט געזאָגט נישט צום גנאי פון דעם קיבוץ), און די האָטענטאָטישע מאָראַל און צוויי־פּנימ׳דיקייט, די פעאיקייט פון פּאָליטישן קאָמופלאַזש, וועלכע כאַראַקטעריזירט אַזוי דעם „השומר הצעיר״, העלפן־צו די קעגנזעצלעכע אידעאישע עלעמענטן צו געפינען זיך אונטער איין דאַך און אָנצוהאַלטן צווישן זיך גוטע חברישע באַציאונגען.

און עס האָבן אַ טעות די אַלע, וועלכע פאַרמינערן די מאָראַלישע, אידעאישע און פּאָליטישע סכנה פון מפּ״מ, צוליב דעם, וואָס עס זיינען איצט בולט געוואָרן אין אָט דער פּאַרטיי אינערלעכע קעגנזאַצן און איר אָרגאַנישע צעפּאַלנקייט. דידאָזיקע מענטשן פאַרשטייען נישט, אַז מפּ״מ איז, אייגנטלעך, נישט עפּעס אַנדערש נאָר „השומר

הצעיר״; און אָט דער קיבוץ מיט דער גרויסער חלוצישער פאַרגאַנגענהייט און זיין אויסערגעוויינטלעכער אינערלעכער פאַרבונדנקייט שטעלט מיט זיך פאַר נאָך אַ גענוג גרויסן כוח, — סיי צום נוצן און סיי צום שטערן; און מען דאַרף זיך נישט באַציען מיט ביטול צו דער לערע און פּרעדיקונג פון „השומר הצעיר״, טראָץ דעם, וואָס זיי זייגען איבערפולט מיט אינערלעכע סתירות.

און ווען דער „השומר הצעיר״ אין געשטאַלט פון מפ״מ, פּראָקלאַמירט אַבסאָלוטע אידענטיפיצירונג מיט ראַנטפאַרבאַנד און פאָדערט פון די אַרבעטער און פון דער יוגנט צו שטיצן אים אָן אָפּהאַלט, אין איר קאַמף קעגן אינערלעכע און אויסערלעכע שונאים, — דאַרף מען זיך נישט באַציען צו דעם מיט ביטולדיקער איגנאָרירונג. דערווייל זיינען נאָך גענוג וואַגיק די ווערטער פון מפ״מ צווישן דער יוגנט. און מען דאַרף אויפקלערן און קלאָר־מאַכן ווער איז דאָס דער „ראַנטפאַרבאַנד״, וואָס „השומר הצעיר״ אידענטיפיצירט זיך מיט אים, און ווער זיינען עס די „שונאים״, קעגן וועלכע מיר דאַרפן קעמפן?

3. לענין: דיקטאַטור פון דער באָלשעוויסטישער פאַרטיי; סטאַלין: דיקטאַטור פון איין מענטש

אין דער צייט פון לענינען, דער ערשטער שעפער פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, איז געווען אָפן און קלאָר, אַז ראַנטפאַרבאַנד הייסט: די באָלשעוויסטישע פאַרטיי. לענין האָט נישט געפילט קיין באַדערפניש אָפּצונאַרן זיין פאָלק און די וועלט און זיך באַהאַלטן אונטערן מאַנטל פון „פאָלקס־דעמאָקראַטיע״. ער האָט נישט מורא געהאַט און נישט געצייטערט אָנצורופן דאָס קינד ביים נאָמען: דיקטאַטור. אמת איז, אַז כדי צו קאָמפּענסירן זיך זעלבסט לגבי אייגעם פון די פסוקים אין די מאַרקס־שריפטן, האָט לענין גערעדט אין נאָמען פון דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און זיין קאַמפּס־לאָזונג איז געווען: „די גאַנצע מאַכט צו די ראַטן״, און אַ שטיקל צייט האָט ער באַטייליקט אין זיין מאַכט געוויסע שפּליטערן פון אַנדערע רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען; אָבער דידאָזיקע שותפות האָט לאַנג נישט געדויערט. נאָך דער קורצער איבערגאַנגס־תקופה איז געשאַפן געוואָרן אַ מאַכט, וואָס איז באַשטאַנען דורכאויס פון דער באָלשעוויסטישער פאַרטיי. און לענין האָט קיינמאָל נישט פאַרדעקט און נישט פאַרמאַסקירט זיין ווערק און זיין אידיי, אַז דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט הייסט פּראַקטיש נאָר דיקטאַטור פון דער באָלשעוויסטישער פאַרטיי. דער לאָזונג: „די גאַנצע מאַכט צו די ראַטן״ איז אין דער ווירקלעכקייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אייזערנעם פאַקט: די גאַנצע מאַכט, און די איינציקע אַבסאָלוטע מאַכט, געהערט צו דער באָלשעוויסטישער פאַרטיי. די אַרבעטער און פּויערים־ראַטן, די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, די פילע פעדעראַטיווע רעגירונגען פון ראַנטפאַרבאַנד — זיינען נאָר געווען אַ פאָרמעלע באַפּוצונג. זיי זיינען געווען פאַרפליכטעט, אָן שום ספקות און פראַגן, צו טאָן דעם ווילן פון דער פאַרטיי און אויספילן אירע באַפעלן און אָנווייזונגען. די אַרבעטער און די פּויערים אין די פאַבריקן, אויפן פעלד, אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, אינם ראַט, זיינען געווען פאַרפליכטעט צו שטימען, אַזוי ווי עס האָט געשטימט דאָס פאַרטייאישע „קעמערל״, און אָנעמען מיט אַבסאָלוטער אונטערטעניקייט אַלע זיינע פאַרשלאָגן. אַך־און־וויי איז געווען צו אַן אַרבעטער, וועלכער האָט גענומען ערנסט די פראַזע וועגן „אַרבעטער־רעגירונג״ אָדער וועגן „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט״,

און אַרויסזאָגן דאָס וואָס ער האָט געוואָלט אָדער שטימען און ווילן לויט זיין פרייען ווילן. אַזאַ אַרבעטער איז אַן רחמנות אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון זיין אַרבעטס־פּלאַץ און איז דורך דעם פאַר׳משפט געוואָרן צום אונטערגאַנג.

נאָר אַ קורצע צייט האָט דאָס רוסישע פאָלק געגאָסן פון דעמאָקראַטישע פריי־הייט — דאָס איז געווען אין דער תקופה צווישן דער פעברואר־רעוואָלוציע אין יאָר 1917, ווען עס איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן די צאַרישע הערשאַפט דורך די סאָציאַ־ליסטישע און דעמאָקראַטישע פּאַרטייען, און צווישן דער רעוואָלוציע פון די באָל־שעוויקעס אין אָקטאָבער דעמזעלבן יאָר, ווען זיי האָבן פונאַנדערגעטריבן מיט כוח די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, וועלכע איז צום ערשטן מאָל אין דער רוסישער געשיכטע, אויסגעוויילט געוואָרן אין דעמאָקראַטישע וואַלן. נאָכן פאַרכאַפּן די מאַכט דורך די באָלשעוויקעס האָבן די רוסישע בירגער ווידער פאַרלוירן זייער קורצע פרייהייט; עס איז ביי זיי אָפּגענומען געוואָרן די פרייהייט פון וואָרט, פון אָרגאַניזאַציע און באַוועגונג — אין אַ סך אַ גרעסערן אופן, ווי אין דער צאַרישער תקופה; אָבער, דאַקעגן, האָבן זיך די גאַנצע דעמאָקראַטיע און פרייהייט קאָנצענטרירט אין די ראַמען פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. די פּאַרטיי־מיטגלידער, וועלכע האָבן טאַקע געבילדעט נאָר אַ קנאַפּן פּראָצענט אין פאָלק (אפילו אין פינפטן יאָר פון דער באָל־שעוויסטישער הערשאַפט האָט די פּאַרטיי נישט דערגרייכט צו קיין האַלבן מיליאָן חברים — ביי אַ באַפעלקערונג פון העכער הונדערט פופציק מיליאָן!) — האָבן גע־קענט דיסקוטירן צווישן זיך, מינדלעך און שריפטלעך, אין אַבסאָלוטער פרייהייט, און זיי האָבן געוויילט זייערע פאָרשטייער צו די פּאַרטיי־אינסטאַנצן און צו דער קאָנ־פערענץ (און אין לענינס צייטן איז די קאָנפערענץ צוזאַמענגערופן געוואָרן איין מאָל אין יאָר) אין פרייע וואַלן. לענין איז טאַקע געווען אַ שטרענגער הערשער, און זיין מיינונג אין דער פּאַרטיי (און דאָס הייסט אין ראַנטפאַרבאַנד) האָט אַנטשיידן; אָבער ער האָט געהערשט דורך געוואַלדיקן איבערצייגונגס־כוח און דורך זיין מעכטיקער פערזענלעכקייט. לענינס חברים, די קליינע און די גרויסע, האָבן געהאַט דאָס רעכט נישט מסכים צו זיין מיט זיין מיינונג און דיסקוטירן מיט אים, אַריינטראָגן פאָרשלאַגן, וואָס זיינען געשטאַנען אין קעגנזאַץ צו זיין מיינונג, און נאָר אויב לענינען האָט זיך איינגעגעבן איבערצוצייגן די מערהייט — און אין אַלע וויכטיקסטע פראַגן האָט זיך אים דאָס איינגעגעבן, — איז זיין מיינונג געוואָרן די מיינונג פון דער פּאַרטיי, אָבער אויך נאָר דעמאָלסט, ווען די קאָנפערענץ, אָדער דער צענטראַל־קאָמיטעט האָבן גע־שטימט אין אַ פרייער אָפּשטימונג און איבערגעוואויגן מיט אַ מערהייט־שטימען. אַ חבר, וואָס האָט זיך קעגנגעשטעלט לענינס מיינונג, שריפטלעך אָדער מינדלעך, אויף די פּאַרטיי־קאָנגרעסן אָדער אין דער פּרעסע, האָט נישט מורא געהאַט פאַר זיין גורל אָדער פאַר זיין שטעלונג; און כל זמן לענין האָט געלעבט איז געווען קלאָר, אַז ראַנטפאַרבאַנד הייסט — די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי. נישט דאָס פאָלק, נישט די אַרבעטער און נישט די פּויערים, — אָבער אויך נישט איין מענטש, אפילו אַזאַ, מיט אַזוי פיל השפעה, ווי לענין, נאָר די גאַנצע פּאַרטיי, מיט אירע חברים און אינסטאַנצן.

סטאַלין האָט ביי לענינס לעבן נישט פאַרנומען קיין וויכטיקן און אָנגעזעענעם אָרט אין לעבן פון דער מדינה און אפילו נישט אין דער פּאַרטיי, כאָטש ער איז געווען אַ מיטגליד אין צענטראַל־קאָמיטעט און שפּעטער פּאַרטיי־סעקרעטאַר, און עס איז

קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז ער וועט ווערן לעניִנס יורש, אָדער אַז מען קען אים שטעלן אין איין ריי מיט טראָצקין, וואָס גאַנץ רוסלאַנד האָט אין אים געזען דעם צווייטן נאָך לעניִנען, און אפילו נישט מיט אַזעלכע פּערזענלעכקייטן, ווי זינאָוויעוו, בוכאַרין, קאַמיעניעוו און ראַדעק.

נישט אונזער זאַך איז דאָ צו דערציילן וויאַזוי האָט דערדאָזיקער דורכגע־טריבענער גרוזינער, פול מיט קאָמבינאַציעס און מיט אַ מעכטיקן ווילן, מצליח געווען צו באַהערשן די פּאַרטיי (און ממילא אויך ראַטנפאַרבאַנד). דאָס וואָס מען קען דאָ באַצייכענען, זיינען די עיקר׳דיקע ענדערונגען — ווייטגייענדיקע ענדערונגען, וואָס האָבן אַלץ איבערגעאַנדערשט — דאָס, וואָס סטאַלין האָט געמאַכט מיט דער פּאָלי־טישער ירושה פון לעניִנען, איינהאַלטנדיק און קאָנטינואירנדיק די שפּראַך־פראַזעאָ־לאָגיע פון זיין פאָרגענגער: די שאַפונג פון אַן א י נ ד י ו ו י ד ו ע ל ע, אַבסאָלוטע און טאָטאַלע הערשאַפט, וואָס איז נישט געווען באַקאַנט אין רוסלאַנד אַפילו אין די צייטן פון די רעאַקציאָנערסטע און אכזריות׳דיקסטע צאַרן, ווי איוואַן דער גרויזאַמער אָדער ניקאָלאי דער ערשטער. דאָס באַנוצן טעראָר־מיטלען, וועלכע האָבן נישט קיין בייש־פּיל אין דער מענטשלעכער געשיכטע; פיזישע „ליקווידאַציע" פון אַלע לעניִנס חברים און מיטהעלפער, אויף וועלכע עס איז געפאַלן דער קלענסטער חשד אַז זיי זיינען נאָך פאַרבליבן געטריי לעניִנס לערע און, ממילא, זיינען זיי קעגנער פון דעם נייעם הערשער; די פלעגונג פון אַ רוסישן שאָוויניזם און דער צוג פון אימפּעריאַליסטישע דעראָבערונגען, וועלכע דער נייער רעזשים האָט אין דער פּסעוודאָנים־שפּראַך, וואָס ער האָט איינגעפירט, אַ נאָמען געגעבן „באַפרייאונגען"; אַכזריות׳דיקע אונטערדריי־קונג פון יעדער נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט פון די דעראָבערטע פעלקער און פון אַלע נישט־רוסישע נאַציאָנאַליטעטן אין דער רוסישער אימפּעריע, אונטער דער מאַסקע פון אַ ליבעראַלן געזעץ, וועלכער פּראָקלאַמירט די רעכט פון יעדער מדינה, וואָס געהערט צום בלאָק, זיך אָפּצוזונדערן און אַרויסטרעטן פון ראַטנפאַרבאַנד; די שוויץ־שיטה אין דער אַרבעט, וועלכע מען האָט אָנגערופן סטאַכאַנאָוויזם און וואָס עקזיסטירט נישט אין קיין שום ציוויליזירט לאַנד, אפילו אין קאַפּיטאַליסטישן רעזשים; גראַנדיעזע באַוואָפנונגס־אָנשטרענגונגען; וועלכע זיינען באַשטימט צו דעראָבערן אַלע שכנותדיקע לענדער אין אַזיע און אין אייראָפּע, און שפּעטער אין דער גאַנצער וועלט, און צום סוף — די פאַרוואַנדלונג פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, וועלכע האָט אין לעניִנס צייטן געשטרעבט צו אַ געזעלשאַפטלעכע רעוואָלוציע אין דער גאַנצער וועלט — אין אַ קירכע, וואו סטאַלין איז דער פּויפּסט, דער הויפּט פון די אינקוויזיטאָרן און איר גאָטס־זון, און איר ציל איז — די דעראָבערונג פון דער וועלט דורך רוסלאַנד.

עס איז נישטאָ קיין ספק, אַז אין משך פון די 35 יאָר פון דער באָלשעוויסטישער דיקטאַטור, זיינען אין רוסלאַנד געמאַכט געוואָרן אויך עטלעכע פּאָזיטיווע זאַכן: עס איז אויסגעברייטערט געוואָרן די פאָלקס־דערציאונג, מען האָט אויסגעבויט אַ גרויסע און שטאַרקע אינדוסטריע, עס זיינען געשאַפן געוואָרן מעכטיקע עלעקטריע־ און אינוועסטיציע־ווערק, מען האָט אַנולירט די פאַרשקלאַפונג פון דער פרוי; עס זיינען געגרינדעט געוואָרן וויסנשאַפט־ און פאָרשונגס־אינסטיטוטן, אין אַזעלכע מאָסשטאַבן, וואָס זיינען געווען אומפאָרשטעלבאַר אין די צאַרישע צייטן; עס איז אויסגעבעסערט

געוואָרן, אָן אַ פאַרגלייך, די זאָרג פאַר קינדער; מען האָט אויסגעבעסערט די סאַני־טאַרישע באַדינגונגען, עס איז געוואַקסן די ריינקייט, די אָרדנונג, די פּראָדוקציע אויפן פעלד, אין פאַבריק און אין אַמט — אָבער די דאָזיקע גרויסע און ריזיקע און לעבעדיקע מדינה איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אינגאַנצן אין איין שקלאַפן־הויז, אין וועלכן קיין שום מענטש — אויסער דער אַליינהערשער — האָט נישט דאָס רעכט צו טראַכטן זיין אייגענעם געדאַנק, צו רעדן וואָס ער וויל, אויסדריקן זיין ווילן, טאָן, וואָס אים פאַר־ווילט זיך, צו שרייבן וואָס עס ליגט אים אויפן האַרץ, לאָזן הערן זיין טענה און זיין קריטיק, אויסדריקן זיין מיינונג וועגן רעזשים און זיין וועג, אַריינמישן זיך אין דער פירונג פון דער מדינה און אין דער באַשטימונג פון אירע אינערלעכע און אויסערלעכע באַציאונגען. אַ פּאָלק פון צוויי הונדערט מיליאָן נפשות, מיט זיינע אַרבעטער, פּויערים, שרייבער, לערער, פאַרוואַלטערס און וויסנשאַפטלער — איז פאַרשקלאַפט צום ווילן, מיינונג און פאַרלאַנגען פון אַן אייננאַונאייגציקן מענטש, וועלכער באַשטימט אויף אַ ווילקירלעכן אופן נישט בלויז דעם גאַנג פון דער מדינה, איר עקאָנאָמישן און געזעל־שאַפטלעכן רעזשים, איר אינערלעכע און אויסערלעכע פּאָליטיק, נאָר איז אויך גוזר אויף די שרייבער, דיכטער, וויסנשאַפטלער, וויאַזוי זיי זאָלן שרייבן, דיכטן, פאָרשן און לערנען, און רויבט אַוועק פונם אַרבעטנדיקן פאָלק, אין דאָרף און אין שטאָט, יעדע רעכט און דעה אין איינאָרדנען זיין לעבן און באַשטימען זיינע אַרבעטס־און ווירטשאַפטס־באַדינגונגען. און דידאָזיקע שרעקלעכע תפיסה וואָס האָט נישט איר גלייכן אפילו אין די פינסטערע תקופות פונם אַלטערטום און מיטלאַלטער, רופט מען, לויט אַ באַפעל — סאָציאַליסטישער רעזשים, ווייל די מדינה איז דער באַזיצער פונם פאַרמעגן און פון די פּראָדוקציע־מיטלען, ווי עס איז געווען ביי פרעה אין יוסף׳ס צייטן.

די אינדענטיפיצירונג אין לענינס צייט מיט ראַנטפאַרבאַנד האָט געהייסן אידענטיפיצירונג מיט דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. אידענטיפיצירונג מיטן ראטן־פאַרבאַנד אין דער צייט פון לענינס יורש — הייסט אידענטיפיצירונג מיט סטאַלינען, וועלכער איז דער אַליינהערשער אין דערדאָזיקער ריזיקער אימפּעריע און דער אָרגאַ־ניזאַטאָר פון דער גרעסטער אַרמיי פאַרן צוג פון וועלט־דעראָבערונג.

עס איז נישט קיין צופאַל וואָס סטאַלינס בילד הענגט אין די יוגנט־קלובן פון „רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם״, און אויף די פאַרזאַמלונגען פון סנה און מיקוניס ברילט די פאַרזאַמלונגס־מאַסע מיט היסטערישן ענטוזיאַזם: סטאַ—לין, סטאַ—לין!

מיר האָבן שוין געזען ווער עס זיינען געווען די „אינערלעכע שונאים״, וואס מפ״מ האָט זיך פאַרפּליכטעט צו קעמפן קעגן זיי. דאָס זיינען געווען די הויפּט־פירער און לערער פון דער באָלשעוויסטישער באַוועגונג (אויסער לענין וואָס האָט „מצליח״ געווען צו שטאַרבן פאַר דער אַבסאָלוטער באַהערשונג פון סטאַלינען) אין רוסלאַנד און לאַנגיעריקע חברים און פירער פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין די איבע־ריקע לענדער, וועלכע זיינען דעראָבערט געוואָרן דורך דער רוסישער אַרמיי, בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה און נאָך איר. די חברים און מיטהעלפער פון לענינען — זיינען געטויט און געהאָנגען געוואָרן לויטן באַפעל פון סטאַלינען, ווי פאַרעטער. פאַרעטער פון וועמען און פון וואָס?

און די מפ״מ־לערער, וועלכע לייקענען אָפּ אורנ׳ס זינד אויך נאָך „זיין מודה

זיין זיך" און האַלטן זיין אַרעסט פאַר אַ פאַרדריסלעכן טעות — פאַלט גאָרנישט איין זיך צו שטעלן די פשוט'ע פראַגע: ווער איז דער פאַרעטער? צי די הונדערטער גרינדער, די פירער, די לערער, די לאַנגיעריקע חברים פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג — אָדער אפשר דער אַליינהערשער, וועלכער האָט געטויט די הויפט־פירער און לערער פון דער באַוועגונג? לייגט זיך דען אויפן שכל, אַז צענדליקער און הונ־דערטער באַרימטע פירער פון דער באַוועגונג אין משך פון צענדליקער יאָרן, וואָס האָבן פאַר איר עטלעכע מאָל איינגעשטעלט זייער לעבן און זיינען געשטאַנען אין דער שפיץ פון אירע העכסטע און בכבוד'יקסטע אַמטן אין לאַנד און אין דער וועלט, אַז זיי אַלע זיינען אין משך פון זייער גאַנץ לעבן געווען אָפּנאַרער, פעלשער און פאַרעטער, און פרעמדע אַגענטן, און שפּיאָנען, און קיינער זאָל דאָס נישט דערפילן. אָט די אַלע זיינען געווען פאַרעטער און שפּיאָנען אָן שום מאַטעריעלע, פינאַנציעלע, פּאָליטישע און הערשונגס־נויטווענדיקייט אין דערדאָזיקער אָפּנאַרעריי, פאַלשקייט און שעדי־קעריי, פאַרנעמענדיק אין ראַנטפּאַרבאַנד און אין די איבעריקע לענדער פון דער פאָלקס־דעמאָקראַטיע די העכסטע אַמטן, זיי זיינען געשטאַנען אין שפּיץ פון דער מאַכט און פון דער פּאַרטיי און זיי זייגען געווען פירער פון קאָמאינטערן, קאָמאַנדירן פון דער רויטער אַרמיי, פאָרזיצערס אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַרייניגן, רעדאַקטאָרן פון די פּאַרטיי־צייטונגען, אָנערקענטע און באַליבטע דורך די מאַסן פון זייערע חברים, — לייגט זיך דען אויפן שכל, אַז די אַלע זיינען געווען אין משך פון צענד־ליקער יאָרן פרעמדע אַגענטן און שפּיאָנען, — און נאָר דער איינאונאיינציקער, וועמען עס האָט געלונגען צו קאָנצענטרירן אין זיין האַנט די פולע מאַכט, און וועלכער האָט מצליח געווען מיט דער הילף פון אַ פאַרצווייגטן אַפּאַראַט פון געהיים־פּאָליציי און תליינים, די אַלע צו טויטן — נאָר ער איינער איז דער באַגלויבטער און אויפריכ־טיקער, וואָס ער טראַכט נישט קיינמאָל וועגן עפּעס אַנדערש, ווי נאָר וועגן דעם אידעאַל אין וועמענס נאָמען ער מרעט אַרויס?

#### 4. די קאָמוניסטישע אַסטראָנאָמען פון מפ"מ

עס איז נישט דאָס ערשטע מאָל, ווען מענטשן זיינען נישט מסוגל צו געבן אַ קלאָרן און פשוט'ן ענטפער, אַ ענטפער וואָס קומט פון גלייכן שכל, אויף אַ פראַגע פון דעם מין.

טויזנטער יאָרן האָבן די אַסטראָנאָמען געפאָרשט די טאָפּלטע באַוועגונג פון די הימל־קערפּערס אין באַציאונג צו דער ערד, די טעגלעכע און יערלעכע באַוועגונג, און זיי זיינען געווען זיכער, אַז די ערד איז דער צענטער פון דער וועלט און, אַז זי רירט זיך נישט און באַוועגט זיך נישט פון אָרט. און די זון און די שטערן, אויך די געציילטע פּלאַנעטן און די אַנצאָליקע שטענדיקע שטערן, זיי אַלע, אָן אַן אונטערשיד, דרייען זיך אַרום דער ערד אין משך פון 24 שעה. און דאָסזעלבע איז לגבי דער יערלעכער באַוועגונג, כאָטש די אַסטראָנאָמען האָבן געוואוסט נאָך פון די אוראַלטע צייטן, אַז די דיסטאַנצן צווישן די פאַרשידענע שטערן זיינען אָן אַ שיעור גרויסע, דרייען זיי זיך דאָך אַלע אַרום דער ערד מיט זייערע אָפּגעווייטערטע און פילצאָליקע קרייזן אין משך פון אַ מעת־לעת.

און אָט האָט זיך געפונען מיט אַ צוויי טויזנט און צוויי הונדערט יאָר צוריק

אַ גריכישער אַסטראָנאָם אויפן אינזל סאמאס מיטן נאָמען אַריסטראכאס, און נישט האָבנדיק אין זיין האַנט קיין טעלעסקאָפּ און קיין אַנדערע פיזיקאַלישע אינסטרומענטן און אויך נישט קיין מאָדערנע ידיעות פון דער מאַטעמאַטישער וויסנשאַפט, זייענדיק באַוואָפנט נאָר מיטן גלייכן שכל און מיט דער פעאיקייט פון טראַכטן זעלבסטשטענ־דיק, נישט באַנוצנדיק זיך אויף אַן אויטאָמאַטישן אופן מיט די מחשבות פון אַנדערע, איז ער געקומען צו דעם לאָגישן אויספיר, אַז די פשוט׳סטע אויפקלערונג פון דער־דאָזיקער באַוועגונג געפינט זיך נישט אין דער היפּאָטעזע, אַז אַלע קרייזן, ספערן, הימל־קערפּערס, שטערן און זונען דרייען זיך אַרום דער ערד, נאָר פּאַרקערט, אַז די ערד דרייט זיך אַרום איר אַקס אין יעדן מעת־לעת, און אויסער דעם, דרייט זי זיך אין משך פון יאָר ארום דער זון, און דאריבער דאכט זיך אונז, אַז אלע שטערן אין הימל־קערפּערס באַוועגן זיך ארום דער ערד. און צוליב דער דאָזיקער לאָגישער און פשוט׳ער אויפקלערונג, וואָס האָט רעוואָלטירט קעגן דער אָנגענומענער מיינונג, איז אַריס־טראכאס געשטעלט געוואָרן צום משפט פאַר דעם חטא פון ווידערשפּעניקייט קעגן גאָט. עס איז אַריבער העכער טויזנט זיבן הונדערט יאָר, ביז עס האָט זיך איינגעגעבן קאָפּערניקן איבערצוצייגן אַ טייל פון די געלערנטע אין זיין צייט, אַז די מיינונג פון אַריסטראכאס פון סאמאס איז אַ ריכטיקע, און אַז די טאָפּלטע באַוועגונג פון דער ערד, אַרום איר אַקס און אַרום דער זון, פאַראורזאַכט דאָס בילד וואָס מיר זעען יעדן טאָג מיט דער ענדערונג פון דער פּאָזיציע פון די הימל־קערפּערס; און נאָך אַ סך יאָרן האָט זיך געצויגן די מחלוקת צווישן די אַסטראָנאָמען, וועלכע האָבן געגלויבט אַז נישט די ערד ענדערט איר אָרט, נאָר די אַלע שטערן פון הימל דרייען זיך ארום אונזער ערד, וואָס שטייט פעסט אין צענטער פון דער וועלט, — און צווישן די תלמידים פון אריסטראכאס און קאָפּערניק, וועלכע האָבן אָנגענומען די פשוטע און לאָגישע אויפקלערונג, אַז צוליב דער באַוועגונג פון דער ערד דאַכט זיך אונז אויס, ווי אַלע הימל־קערפּערס וואָלטן זיך געדרייט ארום איר.

די קאָמוניסטישע „אַסטראָנאָמען״ גלויבן, און ווילן, אז אויך מיר זאָלן גלויבן, אַז נאָר דער איינאונאיינציקער פעסטער שטערן, און אַן ענדערונג אין באַוועגונג, געפינט זיך אין די ברייטקייטן פון רעוואָלוציאָנערן קאָסמאָס, און אַז אַלע איבעריקע שטערן און זונען, וואָס האָבן אין משך פון דורות באַלויכטן פאַר אַלע אויפן מלכות־אינזל פון דעם „רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם״ דעם וועג פון דער וועלט־גאולה — אַז זיי אַלע האָבן זיך באַוואיגן, געבלאָנדזשעט און פאַרלוירן זייערע וועגן און זייער שטראָף — איז טויט.

נישט סטאַלין האָט געטוישט זיין פעל — נאָר די צענדליקער און הונדערטער פון די פירער פון „רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם״, פון טראָצקין ביז סלאַנסקין, נאָר זיי האָבן אָפּגענאַרט, פאַראַטן און געשעדיקט די קאָמוניסטישע באַוועגונג.

די „ריינינקונגס״־פּראָצעסן אין מאָסקווע, סאָפיע, בוקאַרעשט, בודאַפּעסט, פּראַג — און דאָס טויטן פון די פירער פונעם באָלשעוויזם און דעם קאָמוניזם אין דידאָזיקע אַלע לענדער — דאָס איז אַ „לעבנסנויטווענדיקייט פאַר די לענדער פון סאָציאַליזם״, אַזוי האָט גע׳פּסק׳נט מפּ״מ אויף איר ראַט נאָכן פּראַגער פּראָצעס, און מיר דאַרפן זיי אונטערשטיצן אָן אָפּהאַלט.

*

עס זיינען אַוועק די צייטן ווען פירער פון „השומר הצעיר", ווי בנטוב און צפור, האָבן נאָך געהאַט געגוג מוט און אויפריכטיקייט צו זאָגן וואָס זיי האָבן געפילט, וועגן דעם מענטש וואָס האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט היטלערן און זיך אַריינגעריסן מיט זיין אַרמיי קיין פּוילן, געעפנט צוזאַמען מיט די נאַציס די צווייטע וועלט־מלחמה און וועלכער האָט גורם געווען, דירעקט אָדער אומדירעקט, צו דער פאַרניכטונג פון זעקס מיליאָן אידן אין אייראָפּע.

עס זיינען אַוועק די צייטן, אין וועלכע בנטוב און צפור האָבן געוואַגט צו שטעמפּלען „סטאַלינס פּאַראַט" אין דער צייטונג פון „השומר הצעיר".

האָבן די חברים פון מפ"מ קיין מורא נישט, אַז אויב אין ישראל וועט אַנט־שטיין אַ „פאָלקס־דעמאָקראַטיע", צו וואָס זיי שטרעבן אַזוי שטאַרק, — קענען זייערע חברים בנטוב און צפור און די איבעריקע אַרויסגעבער פון דער „השומר הצעיר"־צייטונג גע'משפט ווערן ווי „אינערלעכע שונאים", — אָדער אפשר, פאַרלאָזן זיי זיך אויף דער פאַרטיידיקונג פון די „ענגליש־אַמעריקאַנישע אימפּעריאַליסטן", וועלכע וועלן זיי ראַטעווען פון דעם גורל פון סלאַנסקי און זיינע חברים?

## ד. טאָפּלטע בוכהאַלטעריע סיי אינעווייניק סיי אינדרויסן

„צי זיינען די הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן, וואָס שטראָמען שוין יאָרן פון די טאַשן פון די אַמעריקאַנער אידן, פון אַלע שיכטן, און וואָס זיינען כשר ביי מפ"מ, און אַפילו ביי מ. סנה, אַלס בודזשעט־רעפערענט אין כנסת אין נאָמען פון מפ"מ — צי זיינען דידאָזיקע געלטער אין דערזעלבער מאָס, כשר אויך ביי די קאָמור־ניסטן? עפּעס האָב איך ביז איצט נישט געהערט, אַז סנה זאָל זיך אָפּזאָגן צו געניסן פון דער געלט־אונטערשטיצונג, פון אָט די מיליאָנען פון די אַמעריקאַנער אידן, וואָס העלפנדיק דער עליה פון אידן און זייער איינוואָרצלונג אין לאַנד, פאַרלאַנגען זיי אויך, אַז מען זאָל אַרויסווייזן אַ לאָיאַלע באַציאונג צו דער פּאָליטיק פון די פאַראייניקטע שטאַטן".

מ א י ר י ע ר י

(„ערנסטע איינווענדונגען קעגן באַאומרואיקנדע מחשבות", „על המשמר", 9.1.53).

„פּונקט אַזוי, ווי דער קאַמף פון דער וועלט פון רעוואָלוציע קעגן ציוניזם שוואַכט אָפּ דעם כוח פון די ראַטנפאַרבאַנד־טרייע אינם ציוניזם, אַזוי העלפט דער קאַמף פון מק"י דער בור־זשואַזיע און דעם רעפאָרמיזם צו טראָגן די פאָן פון נאַציאָנאַלער באַפרייאונג און זעלבסטשטענדיקייט, ווי אַ פאַרפירערישן לאָזונג צווישן די אידישע מאַסן".

כ. ט ש י ז ש י ק

(„מק"י אין געפאַנגענשאַפט פון קאָס־מאָפּאָליטיזם", „על המשמר", 30.1.53).

„די וועלט פון רעוואָלוציע און דער ראַטנפאַרבאַנד האָבן נישט — נישט נאָר אין לאַנד, און נישט נאָר צווישן אידישן פאָלק, אַפילו נישט אין גאַנצן מיטל מזרח, קיין געטרייערן קאַדר פון פריינט — וואָס זאָל האָבן אויסגעשטאַנען אַזעלכע שווערע נסיונות אין משך פון אַסך יאָרן, און וואָס האָט אַ גרויסע געזעל־שאַפטלעכע השפּעה, ווי מפּ״מ... אין מפּ״מ געפינען זיך דאָך קאַדרען, וועלכע האָבן זיך דערצויגן במשך 25 יאָר אויף אַ פריינטשאַפט צו ראַטנפאַרבאַנד, אויף דער פאַרבינדונג מיט דער וועלט פון רעוואָלוציע, אויף מאַרקסיזם־לעניניזם, אויף חלוצישן ציוניזם, און רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם. זיי האָבן אויך אויס־געהאַלטן די שווערסטע נסיונות פאַר אידן, ווי למשל, דער הסכם מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ, די מלחמה ראַטנפאַרבאַנד—פינלאַנד, קאָרייע, און אין דער לעצטער צייט — די געשעענישן פּראַג און מאָסקווע. און אויך די טיילן, וואָס זיינען געקומען צום מפּ״מ אויף אַן אַנדער געשיכטלעכן וועג, — אויך זיי האָבן געשוואוירן נישט אויפצוהויבן אַ האַנט קעגן ראַטנפאַרבאַנד. צי האָט ראַטנ־פאַרבאַנד אין דעמדאָזיקן וועלט־ווינקל געטרייערע און שטאַר־קערע בעלנים אויף אַ פריינטשאַפט מיט איר? — דאָס אַליין פאַרשטייט נישט סנה״.

מ. בנטוב

(„וועגן די צעשטערער און צעברעכער״
„על המשמר״, 6.2.53).

1. ווען ווערט אַ פירער פון מפּ״מ אַ „פּאָליטישער ציגיינער״?

מיר וועלן אויף זיך נישט נעמען צו אַנטשיידן אינם פאַמיליען־קריג צווישן סנה און בנטוב — ווער איז געטרייער דעם ראַטנפאַרבאַנד, צי בנטוב, וואָס האָט זיך דערצויגן, לויט זיין זעלבסט־עדות, 25 יאָר אויף מאַרקסיזם־לעניניזם, און ער האָט אויך אויסגעהאַלטן דעם פּרווו פון סטאַלין־היטלער־בונד (אָדער ווי עס רופט אים איצטער בנטוב מיט מער באַשיידנקייט „מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ־בונד״), אָדער דער געערטער דאָקטאָר, וועלכער באַרעכטיקט „דעם סאָציאַליסטישן דין״, נישט נאָר לגבי בוכאַרין, טראָצקי, קאַסטאָוו, רייק און סלאַנסקי, נאָר אויך לגבי אורן און בן־שלום פון „השומר הצעיר״.

ערשט דעם זעקסטן פעברואַר דאָס יאָר, אָדער עטלעכע טעג פאַר דעם, ווען סנה, טובין און באַסטאַני, האָבן זיך אָפּגעזאָגט אונטערצוּוואַרפן זיך דער דיסציפּלין פון דער „חזית הליכוד״ (צוזאַמענגעשלוס־פראַנט, לייען: „השומר הצעיר״) און זיינען אויס־געשלאָסן געוואָרן פון דער פאַרטיי, ערשט דאַן האָט, ווי עס ווייזט אויס, בנטוב זיך דערוואוסט, אַז מ. סנה, וועלכער איז געווען רעדאַקטאָר פון „על המשמר״, דער וואָרט־זאָגער פון מפּ״ם אין כנסת און אין דער געזעלשאַפטלעכקייט, און אין דער „שלום״־באַוועגונג, און דער דערציער און אָפּגאָט פון דער „השומר הצעיר״־יוגנט, איז נישט מער, ווי אַ „פּאָליטישער ציגיינער״, וועלכער האָט געוואַנדערט „פון די אַלגעמיינע ציוניסטן — צו אַ פלירט מיט מפּא״י, פונם פלירט מיט מפּא״י — צו באַגייסטערונג פאַר דער לייבאָר־פּאַרטיי („וועלכע וועט פאַרווירקלעכן דעם ציוניזם אין משך פון צוויי יאָר״), פון דער לייבאָר־באַגייסטערונג צו א וואָפן־ברידערשאַפט און בונד מיט אצ״ל

און לח״י — צו „לאחדות העבודה״; פון „לאחדות העבודה״ — צו „השומר הצעיר״ און צום „פּראָגרעס״; פון „השומר הצעיר״ און דעם „פּראָגרעס״ — צום פֿאָלקס־פּראָגרעס מיט מק״י.
די אַלע זאַכן, ווי עס זעט אויס, זײַנען באַך מיט אַ חודש צוריק געווען אַ פֿאַרבאָרגענער סוד פֿאַר דעם אַלץ־זעענדיקן בנטוב. און זײַן חבר יערי, וועלכער האָט זיך באַרימט אין כנסת, אַז ער ווייסט אַלץ פֿון פֿריער, כאָטש „ער איז נישט קיין נביא און נישט קיין בן־נביא, נאָר אַ מאַרקסיסט״.

בנטוב שפּאָט־אָפּ פֿון סנה, וועלכער רעדט זיך אײַן צו זײַן „דער פֿאַרטרויאונגס־מאַן פֿון דער וועלט פֿון רעוואָלוציע״. בנטוב'ן ווײַזט זיך דאָס אויס, ווי איינע פֿון די לעכערלעכסטע זאַכן, און ער פֿרעגט: „לייגט זיך דען אויפֿן שכל, אַז אַ קאָמפּעטענטער פֿאָרשטייער, וועמער עס זאָל נישט זײַן און פֿון וועמען ער זאָל נישט זײַן, וואָלט זיך פֿאַרפּליכטעט — אַפֿילו אויף אַ העלפֿט, אָדער אויף אַ פֿערטל — אין אײַנשטעלן אינטימע באַציאונגען מיט אַ מענטש, וואָס האָט אַזאַ צוויי־פּלהאַפּטע פּאָליטישע פֿאַרגאַנגענהייט, וואָס האָט נישט דורכגעמאַכט קיין שום נסיון, וועמען עס איז געלונגען אויף יעדן פֿון זײַנע שייד־וועגן צו פֿאַראַטן זײַנע געכטיקע פֿרײַנט, און וועלכער איז גרייט ביי יעדער נײַער ווענדונג זײַנער צו פֿאַראַטן זײַנע הײַנטיקע פֿרײַנט?״. צי מיינט בנטוב מיט דידאָזיקע ווערטער צו וואַרפֿן אַ שאָטן אויף דער „סאָציאַליסטישער רעוואָלוציאָנערישקייט״ פֿון זײַן פּאַרטיי, וועלכע האָט טראָץ אָט דער גאַנצער אומקאָנסעקווענטקייט פֿון מ. סנה, טראָץ זײַן „צוויי־פּלהאַפּטער פֿאַרגאַנגענהייט״, טראָץ „זײַן אופֿן צו פֿאַראַטן זײַנע פֿרײַנט״ — זיך פֿאַרפּלאָנטערט אין אײַנשטעלן אינטימע באַציאונגען מיט דעמדאָזיקן אַוואַנטוריסט, און אַפֿילו אים דערהויבן צו אַ שטופֿע פֿון אַ פֿירער און וואָרט־זאָגער? צי זײַנען דען נישט די ווערטער פֿון בנטוב'ן אַ מין אָרעמקייט־ און בלינדקייט־אַטעסטאַט לגבי זיך זעלבסט, זײַן קיבוץ און זײַן פּאַרטיי, אין דער טאַדלונג און גרײַנגשעצונג קעגן זײַן פֿאַרבינדעטן אין משך פֿון פֿינף יאָר?

און דערדאָזיקער בונד, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן צווישן סנה און דעם „השומר הצעיר״ איז נישט געקומען פֿריער. נאָר שפּעטער, נאָך דעם „וואָפֿנברידערשאַפֿט־בונד פֿון סנה מיט אצ״ל און לח״י.״

עס איז אומעגלעך, אַז בנטוב און דער „השומר הצעיר״ האָבן נישט געוואוסט וועגן דעם „בונד״ אין זײַן צײַט. און געוויס איז פֿאַר זיי נישט געווען קיין סוד, אַז נאָך מיט זיבן יאָר צוריק, נאָך דער שותּפֿות פֿון מ. סנה מיט מ. בייגין אין האָטעל „דוד המלך״ — איז ער אָראָפּגעזעצט געוואָרן פֿון זײַן פֿונקציע אין דער „הגנה״, און כאָטש די אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן אים נאָך אויף דעם קאָנגרעס אין יאָר 1946 אויסגעוויילט אין דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע — איז מ. סנה נישט געגעבן געוואָרן, דורך דעם פֿאָרזיצער פֿון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע אין יענער צײַט, קיין שום צוטריט צו די ענינים פֿון דער „הגנה״. און דער „פּאָליטישער ציגײַנער״ האָט באַלד נאָכדעם געפֿונען אַ שוץ־אָרט צווישן די ווענט פֿון „השומר הצעיר״ און מפ״מ, און זײַן „צוויי־פּלהאַפּטע פֿאַרגאַנגענהייט״ האָט נישט געשטערט יערי'ן און בנטוב'ן צו זען אין מ. סנה זייער געטרייען, אָדער לפּחות, זייער נוצלעכן שליח אין כנסת און ביי דער יוגנט...

עס איז אויך נישט אַזוי קלאָר. צי די זיכערקייט פֿון בנטוב'ן, אַז סנה קען נישט

אויפגענומען ווערן אַלס אַ „פּאַרטרויאונגס־מאַן פון דער רעוואָלוציאָנערער וועלט״ שטיצט זיך אויפן וויסן פון דער געשיכטע פון דער „רעוואָלוציאָנערער וועלט״. היינט ווייסט יעדער יינגל, וואָס האָט געלייענט די אָפיציעלע געשיכטע פון דער באָלשעוויס־טישער פּאַרטיי, נאָך איר פאַרפאַסונג לויט די אָנווייזונגען פון סטאַלינען, אַז טראָצקי, בוכאַרין און זייערע חברים, זיינען באַלד, לכתחילה, נישט געווען עפּעס אַנדערש, ווי רוצחים און שונאים פון דער רעוואָלוציע, וואָס האָבן געוואָלט פאַרניכטן ראַטנפאַרבאַנד מיט דער הילף פון דייטשן מיליטער, און דעריבער האָבן זיי זיך קעגנגעשטעלט קעגן דעם שלום־אָפּמאַך אין ברעסט־ליטאָווסק. אין יאָר 1918, ווען לענין האָט געוואָלט אונ־טערשרייבן. און מראָץ דעם זיינען דאָך אָט די צוויי געווען אין משך פון אַ סך יאָרן „פּאַרטרויאונגס־מענער״ און הויכע פירער פון „דער וועלט פון רעוואָלוציע״; און אויב דער רעוואָלוציאָנערער זכרון פון בנטוב׳ן דערגייט נישט צו דער תקופה פון פאַר 25 יאָר, פון זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן זיין דערציאונג „צו פאַרביגדן זיך מיט דער וועלט פון רעוואָלוציע״ און מיטן „מאַרקסיזם־לענינזם״, האָט ער כאָטש געדאַרפט וויסן וואָס עס איז געשען אין די לעצטע יאָרן, די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין מזרח־דייטשלאַנד ווימלט מיט ס.ס.־מיטגלידער און אָפיצירן און גענעראַלן פון היטלערס אויסגעצייכנטע תליינים און רוצחים, — און די „וועלט פון רעוואָלוציע״ זעט אין דעם נישט קיין שום פּגם.

### 2. וואָס פאַר אַן „אידעאָלאָגיע״ — אַזאַ זכרון

די אידעאישע און פּראַקטישע „עלאַסטישקייט״ פון „השומר הצעיר״ איז, ווי עס זעט אויס, אויך אַ כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפט פאַר זייער זכרון. און פּונקט, ווי זיי האַלטן פון קאָמוניזם, אויף אַזויפיל, אויף וויפיל ער ברענגט נישט קיין שאָדן זיי זעלבסט און זיינען געטריי דעם ציוניזם אויף אַזויפיל, אויף וויפיל ער ברענגט זיי נוצן — אַזוי דערמאָנען זיי זיך אין זאַכן, וואָס קענען זיי העלפן אין זייערע דיסקוסיעס מיט די קעגנער און באַמיען זיך צו פאַרגעסן אָדער מאַכן זיך פאַרגעסן, דאָס וואָס העלפט נישט צו דעמדאָזיקן חשוב׳ן ציל. און מען דאַרף זיך נישט וואונדערן אויף בנטוב׳ן, וואָס באַרימט זיך מיט זיין פעסטער שטעלונג, מיט זיין צוגעבונדנקייט און געטריישאַפט צו דער וועלט פון רעוואָלוציע אויך אין דעם שווערן אויספּרוּוו פונם „מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ־אָפּמאַך״. דער שר של שכחה, דער פאַרגעסונג־מלאך האָט, ווי עס זעט אויס, אויסגעמעקט פון זיין זכרון, וואָס ער זעלבסט האָט געשריבן, נישט ער, דער מלאך פון פאַרגעסן, נאָך דער רעוואָלוציאָנער בנטוב, וועגן „סטאַלינס פאַראַט״ אין דער צייט פון „מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ־אָפּמאַך״. אין דאָסדאָזיקע שרייבן איז פאָרגעקומען בעת דער תקופה פון 25 היסטאָרישע יאָרן. און בנטוב איז ניט געווען דער איינציקער אין קיבוץ פון „השומר הצעיר״, וואָס האָט דאַן אַזוי געשריבן. וועגן „סטאַלינס פאַראַט״ האָט אויך געשריבן זיין חבר ציפור; און די אַנדערע חברים זיינען נאָך אַוועק ווייטער. יעקב עמית האָט דערקלערט אין דער צייטונג „השומר הצעיר״ (נ. 40, פון 19.10.39), אַז „דער מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ־אָפּמאַך האָט צוגענומען ביי דער אַלוועלטלעכער אַרבעטער־באַוועגונג איר לעצט ביסל כוח און רעוואָלוציאָנערע ענערגיע״ — אָן שום אויסנאַם, אַפילו די רעוואָלוציאָנערע ענערגיע פון דעם קיבוץ ארצי. און ר. וויינטרויב איז דערגאַנגען צו נאָך טרויעריקערע מחשבות — נישט נאָר סטאַלינס רעוואָלוציאָנערע געטריישאַפט איז געשטעלט געוואָרן

אין ספק, נאָר אויך קעגן דער סאָוויעטישער מאַכט זיינען געזאָגט געוואָרן שווערע דיבורים, „די ווענדונג פון דער סאָוויעטישער פּאָליטיק איז געמאַכט געוואָרן מיט אַזאַ פּשוט׳קייט — ווי זי וואָלט געווען אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע. אַפילו קיין אָפּקלאַנגען פון אַ קריטישער רעאַגירונג אין דער סאָוויעטישער מדינה זיינען צו אונז נישט דער־גאַנגען. און דאָס אַלץ קען אונז נישט באַפרייען פון טרויעריקע געדאנקען וועגן כאַראַקטער פון דער מאַכט אין ראַטנפאַרבאַנד" — און ער האָט זיך נישט באַנוגנגט מיט אָט דער עלעגישער השתפכות, נאָר ער האָט דערקלערט פעסט: „מיר וועלן זיך קעגנשטעלן דער פאָרם פון דער דיקטאַטור, וואָס האָט איר גאַנצע מאַכט איבערגעגעבן צו אַן אַפּאַראַט, וואָס האָט נישט מער אונטער זיך קיין דעמאָ־קראַטיש־געטרייע באַזע". (די צייטונג „השומר הצעיר", נ. 38, פון 5.10.39).

און מען דאַרף ראַטן די חברים פון „השומר הצעיר" נישט צוצואיילן זיך אַרויסצוטראָגן דעם משפט אויף סנה און פּסל׳ען אים אַלס פאַרטרויאונגס־מאַן פון „דער וועלט פון רעוואָלוציע", ווייל זיי קענען דורך דעם אויך באַשטימען זייער אייגענעם גורל.

און כאָטש מיר זיינען נישט פאַראינטערעסירט און האָבן קיין שום ווילן נישט צו אַנטשיידן אין דעם פאַמיליען־קריג, ווער עס זיינען די אמת׳דיק געטרייע צו דער „וועלט פון רעוואָלוציע", קען מען דאָך נישט פאַרלייקענען, אַז דערדאָזיקער קריג איז אַ באַלערנדער, און די אַרבעטער־באַוועגונג קען נישט און טאָר נישט־צוהערן זיך צו אָט דער דיסקוסיע, וואָס קומט פאָר צווישן די פאַרבינדעטע פון נעכטן (און אפשר פון מאָרגן!), וועלכע קען אונז באַווייזן דעם אמת׳דיקן ווערט פון די צעקריגטע צדדים.

אין דעמזעלבן נומער „על המשמר" אין וועלכן בנטוב מאַכט אַ חשבון מיט „די צעשטערער און צעברעכער" און באַווייזט מיט ציטאַטן פון סטאַלינען, (אין צווישנ־צייט, זעט זיך אויס, האָט איינער פון זיי חוזר בתשובה געווען, כאָטש עס איז נישט קלאָר צי דאָס איז געווען סטאַלין אָדער בנטוב), אַז סנה איז אַ טראָצקיסט, אַ צע־שטערער, אַ שפּאַלטער און אַן אַוואַנטוריסט, „וואָס זעט שטענדיק, קודם כל, זיך זעלבסט, זיין וועג, זיין גוואַלטיקן פאַרשטאַנד און שטרעבט צו זעלבסט־פאַרהערלעכונג" א.אַ.וו., און ער מאַכט צו געלעכטער און שפּאָט די גאַנצע פאַלשע רעוואָלוציאָנערישקייט פון דעם „ציגיינער" סנה. — אין דעמזעלבן נומער מאַכט אַן אַנדער וואָרט־זאָגער פון מפ״מ, נישט פון די „השומר הצעיר"־חברים, נאָר פון קיבוץ המאוחד, אַ חשבון מיט סנה אויף דער באַזע פון ציוניזם. דאָס טוט י. גלילי, און אָן ספק, מיט מער אויפ־ריכטיקייט און מיט מער איבערלעכן גלויבן, ווי בנטוב.

### 3. מק״יסטישע פּראָפּאַגאַנדע אין מפ״מ

דער חבר פון הקיבוץ המאוחד ציטירט נישט סטאַלינען און לענינען, נאָר ער שעפּט פון זיין ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער פאַרגאַנגענהייט און פון מקורות פון דער ישראל׳דיקער אַרבעטער־באַוועגונג. פון אָט די קוועלן פּסל׳ט ער די סנה־גרופּע און איר תורה „אַלס מאַכטלאָזע און ווערטלאָזע פּאַראַזיטישע אָפּטריניקע, וואָס הילן זיך איין אין אַ רעוואָלוציאָנערע פראַזע, נישט רעכענענדיק זיך מיט די אָביעקטיווע באַדינגונגען חזר׳ן זיי איבער רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען, אויסגעצייכנטע, באַצוי־

בערנדע און צוציענדיקע לאָזונגען, וועלכע האָבן אָבער נישט קיין באַדן אונטער זיך״.
און גלילי דערציילט אונז, אַז דידאָזיקע „אָפּטריניקע״ האָבן שוין פון לאַנג צוגעגרייט די שטימונג אין מפ״מ זיך אָפּצוטיילן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. זיי האָבן באַרעכטיקט די אַרעסטן פון די אידן אין די „פּאָלקס־דעמאָקראַטישע״ לענדער, בלויז פאַרן „פאַרברעכן״, וואָס זיי זיינען ציוניסטן און „נאָך מיט צוויי יאָר צוריק, האָבן זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די טויערן פון קאָמוניזם וועלן זיך עפענען פאַר דער פאַרטיי, אויב זי וועט זיך אָפּזאָגן פון די געבאָטן, וואָס אָן זיי האָט איר עקזיסטענץ קיין זין נישט״; זיי האָבן געפירט אַ דערציערישע אַרבעט „מיט אַן אויסבליק צו די פּאָזיציעס פון מק״י, ווי צו אַן אויסגעבעבנקטן ברעג״, זיי זיינען אַריינגעדרונגען אין די קיבוצים „כדי צו צעברעקלען די צוזאַמענגעשלאָסנקייט פונם קיבוץ״ „זיי האָבן זיך געהאַלטן ביי אַ טעאָריע, לויט וועלכער, עס איז נישטאָ קיין שום בונד צווישן דער הסתדרות, איר לאַנדווירטשאַפטלעכן סעקטאָר און איר פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג און די גרונט־פּראָצעסן פון דעם קיבוץ גלויות, אַזוי ווי עס וואָלט גאָרנישט געווען קיין שום צוזאַמענבינדונג צווישן די פּראָבלעמען פון באַשעפטיקונג און אַרבעט־לוין און צווישן דער קאָלאָניזירונג פונם לאַנד, דער עליה־אויפנעמונג און דער שאַפונג פון אַן אַרבעטס־קלאַס פון נישט־אַרבעטנדיקע שיכטן, און ווי מען וואָלט געמעגט אַרויסרייסן פון הארץ פון יעדן אַרבעטער און עולה די אחריות פאַרן גורל פון דער ווירטשאַפט און איר פּרוקטבאַרקייט. „כדי צוצוגרייטן די פאַרטיי צו איר פאַראייניקונג מיט מק״י — האָבן זיי געפאָדערט „אָפּרייסן די פאַרטיי פון אַלע לעבנסוויכטיקע געוועבן אינם פּראָצעס פון דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם״. פאַר דעמדאָזיקן געברוויך האָבן זיי אויסגעאַרבעט אַזאַ טעאָריע: די טעריטאָריאַלע קאָנצענטראַציע קען נישט פאַרווירקלעכט ווערן אַזוי לאַנג, ווי עס הערשט דער קאַפּיטאַליזם אויף דער וועלט. יעדער אויסדרוק פון ממשות׳דיקער אחריות פאַר דער עקזיסטענץ פון דער מדינה איז אַן אידענטיפיצירונג מיטן אימפּעריאַליזם. און יעדע שותפות׳דיקע אַרבעט מיט מפא״י ברענגט שאַדן דער פאַרטיי; אַ קאָנטאַקט מיטן אַמעריקאַנישן אידנטום מוז אונז פאַרשוואַרצן דאָס פּנים אין די אויגן פון דער וועלט פון מאָרגן — מען דאַרף דערציען די חברים צו זען אין יעדן שאָסיי צום נגב, צו אילת און צו סדום, נישט קיין וועג צו קאָלאָניזירן דאָס היימלאַנד, נאָר אַ קאָמוניקאַציע־אָדער פונם אימפּעריאַליזם; אונזער זיג אין דער באַפרייאונגס־מלחמה דאַרף מען דערקלערן, ווי אַ רעזולטאַט פון אַ געראַנגל צווישן צוויי נאַפט־געזעלשאַפטן, — כדי אַרויסצורייסן די יוגנט פון די פאַרווירקלעכונגס־קאַדרען דאַרף מען אויס־וואָרצלען פון זיין הארץ און פון זייער געדאַנק די אידישע סאָלידאַרישקייט פאַרן אויפבוי פון היימלאַנד״ „דידאָזיקע תורה פּרעדיקט, אַז די עקזיסטענץ פון דער מדינה איז פאַרזיכערט, ווייל דער אימפּעריאַליזם גאַראַנטירט דאָך, אַז מען וועט נישט אָנגרייפן ישראל. און יעדערער, וועלכער פּלאַנצט שרעק פאַר אַ סכנה פון אַ צווייטער רונדע, נאַרט נאָר אָפּ און רייצט אויף צו אַ מלחמה מיט ראַטנפאַרבאַנד. — דידאָזיקע תורה נעמט צו ביי דער

יוגנט, וואָס איז דורך איר פאַרכאַפּט געוואָרן, יעדע אחריות פאַר דער זיכערקייט פון דער מדינה, און זי דעצידירט זי צו זען אין יעדער ביקס, האַרמאַט, אַעראָפּלאַן פון צה״ל, נישט אַ פאַרטיידיקונגס־אינסטרומענט פאַר אונזער עקזיסטענץ און לעבן, נאָר אינ־סטרומענטן, וואָס האָבן נאָר דעם איינציקן ציל צו דינען דעם אימפּעריאַליזם, — און עס האָט שוין געזאָגט איינער פון די חסידים, אַ תלמיד פון דערדאָזיקער תורה, אַז מען דאַרף נישט פאַרטיידיקן די פראָ־אימפּעריאַליסטישע מדינת ישראל, ווייל די צוקונפטיקע מלחמה וועט זיין אַ מלחמה צווישן די אַראַבישע שלום־כוחות און מפּ״מ פון איין זייט — און מדינת ישראל פון דער צווייטער זייט״.

4. ווער האָט גערופן ישראל׳ס פאַרטיידיקונגס־אַרמיי „נישט צו פאָלגן״?

מיר ווילן זיך נישט אָפּשטעלן איצט אויף דער פראַגע, וואָס בעט זיך, אַז מען זאָל זי שטעלן, ווי אַזוי האָבן פּאַטריאָטן ווי י. גלילי און זיינע חברים דערלויבט, אין משך פון יאָרן, אַז אַזעלכע אָפּטריניקע און „פּאַראַזיטן״ זאָלן רעדן אין זייער נאָמען אין כנסת, אין דער ליגע פאַר פריינטשאַפט מיט ראַטנפאַרבאַנד, אויף די שלום־קאָנפערענצן, און פאַרוואָס איז אָט די אָפּטריניקייט נישט אַנטדעקט געוואָרן אין דער ריכטיקער צייט. לאָמיר אָפּקומען מיטן באַקאַנטן ווערטל: בעסער שפּעטער איידער קיינמאָל נישט. אָבער מיר קענען נישט נעמען ערנסט די כוונה, וואָס ליגט באַהאַלטן אינם נאָמען פון גלילי׳ס אַרטיקל „צו דער פאַרענדיקונג פון אַ קאַפּיטל״, אַזוי ווי מיטן אויסשליסן פון סנה, טובין און באָסטאַני פון מפּ״ם וואָלט זיך שוין טאַקע פאַר־ענדיקט דער קאַפּיטל פון „דער אָפּטריניקייט און דעם רעוואָלוציאָנערן פּאַראַזיטיזם״. גלילי און זיינע חברים ווייסן נישט ווייניקער פון יעדן, וואָס געפינט זיך אין לאַנד, אַז די שעדלעכע „תורות״, וועלכע ווערן דורך אים איצט געשטעמפּלט — זיינען נישט פון סנה, פון טובינען און פון באָסטאַני געקומען צום „השומר הצעיר״, נאָר פאַרקערט, און אַז די „לינקע גרופּע״, וואָס האָט זיך געהאַלטן מיט איבערגעטריבענער קאָנ־סעקווענטקייט ביי דידאָזיקע „תורות״, באַשטייט אין איר אַבסאָלוט גרעסטן טייל, פון חברים פון „השומר הצעיר״, און זיי זיינען פאַרבליבן ביזן היינטיקן טאָג אין קיבוץ ארצי, אַ דאַנק דער כאַראַקטעריסטישער „עלאַסטישקייט״ פון די חברים פון אָט דער באַוועגונג. אָבער עס איז נישטאָ קיין שום סימן און קיין שום אויסזיכט, אַז זיי זאָלן ענדערן זייער וועג און זייער טעטיקייט אינם קיבוץ ארצי און אין מפּ״מ. דער גאַנצער אידעאָלאָגישער הינטערגרונט פון „השומר הצעיר״ איז דער אמת׳ער אייגנטלעכער באָדן, וואָס גרייט צו דידאָזיקע אָפּטריניקע „תורות״ און זיי שטעקן אין „דער טראַגישער סתירה״, מיט וועלכער עס ראַנגלען זיך אַלע יאָרן די פירער פון „השומר הצעיר״, ציוניסטן אין דער היים און קאָמוניסטן אין גאַס, און דער אונטערשייד צווישן די פירער פון „השומר הצעיר״, וואָס געהערן צו דער „לינקער גרופּע״ און די וואָס געהערן נישט צו איר איז נאָר אַן אונטערשייד אין דער אויפריכטיקייט און אין דער קאָנסעקווענטקייט. ריפטין און פריי און זייערע „לינקע״ חברים זאָגן מיט מער

* ראָסטאָס באָסטאַני איז אין דער צווישנצייט צוריק אַריינגעטרעטן אין מפּ״מ. — באַמערקונג פון די אַרויסגעבער.

מוט און אינטעלעקטועלן יושר דאָס זעלבע, וואָס די „רעכטע״, חזן און יערי, זאָגן שטאַמלענדיק און צווייִדייטיק.

דער ערשטער רוף וואָס האָט זיך געווענדט אין מדינת ישראל צו דער פאַר־טיידיקונגס־אַרמיי אין ישראל „נישט צו פאָלגן״ די כנסת און די באַפולמעכטיקטע אינסטאַנצן פון דער מדינה — איז נישט געקומען פון סנה, טובין, באַסטאַני, נאָר פון ריפטינען און קיינער פון די פירער פון „השומר הצעיר״ האָט נישט פּראָטעסטירט און זיך נישט אָפּגעגרעניצט פון אים, די פּראָקלאַמירונג וועגן דער „צווייטער היימלאַנד״ איז אויך נישט געמאַכט געוואָרן דורך די שטאַטישע „לינקע״, וואָס האָבן זיך איצטער אָפּגעטיילט פון מפ״ם, נאָר דורך אַ לאַנגיעריקן פירער פון „השומר הצעיר״ און מפ״מ, — דורך יעקב חזן.

און נישט משה סנה, נאָר די העכסטע אָנפירערשאַפט פון „דער „השומר הצעיר״ אָרגאַניזאַציע אין ישראל״ האָט פאַרעפנטלעכט אין סעפּטעמבער 1952 אַן אויפרוף „צו דער יוגנט, שילער, יידישע יונגעלייט און ז ע ל נ ע ר״, אין וועלכן עס ווערט געזאָגט: „אויף אייך האָט די כנסת גוזר געווען, אַז איר זאָלט דינען נאָך אַ האַלב יאָר אין ישראל־מיליטער, — צוליב וואָס פאַרלענגערט מען דאָס מיליטער־דינסט? דער אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם און זיינע מיטל־לענדישע קאָמאַנדירונגס־אָפּצווייגן שטייען אין אונזערע טויערן און דיריגירן די טעטיקייט פון דער איצטיקער קאָאַליציע. לאָזט זיך נישט פאַרפירן פון ליגנערישע און פאַלשע ווערטער. מען דאַרף זען דעם פּשוט׳ן אמת: די קאָאַליציע־רעגירונג פאַרלענגערט דאָס מיליטער־דינסט, כ ד י צ ו פ אַ ר ט ײ ד י ק ן נ י ש ט א ו נ ז ע ר ע א י ט ע ר ע ס ן״ (די אונטערשטרייכונג אין אָריגינאַל). און דער אויפרוף ענדיקט זיך מיט די ווערטער: ...„זעלנער, לערנט זיך פון אייערע ברידער אין די לענדער פון דער וועלט, וואָס קעמפן פאַר זייער רעכט אויף אַרבעט און אויף לעבן, וועלכע זיינען קעגן מלחמה, שטעלט אַ ווידערשטאַנד קעגן דער פאַרלענגערונג פון מיליטער־דינסט, ווייל ער שעדיקט דעם שלום!״.

נישט דער „רעוואָלוציאָנערער פּאַראַזיט״ נאָר די „קאַדרען״, וואָס האָבן זיך דערצויגן 25 יאָר אויף מאַרקסיזם־לעניניזם, מיט וועלכע עס באַרימט זיך בנטוב, זיי און נאָר זיי האָבן דערצויגן די בחורים פון „דער „השומר הצעיר״ אָרגאַניזאַציע אין ישראל״ און אויך זיי האָבן געגעבן די אָפּטריניקונגס־תורה, אַז די ישראל׳דיקע פאַרטיידיקונגס־אַרמיי דינט נישט אונזערע אינטערעסן.

י. גלילי ווייזט אַרויס, אָן ספק, אין זיין אַרטיקל „צו דער פאַרענדיקונג פון אַ קאַפּיטל״ סימנים פון טיפער און אויפריכטיקער מורא פאַרן געפערלעכן באַרג־אַראָפּ, אויף וועלכן עס קייקלען זיך „די רעוואָלוציאָנערע פּאַראַזיטישע אָפּטריניקע״, אָבער ער פירט אַריין אין אַ טעות זיינע לייענער (און אפשר זיך אַליין אויך), אויב ער פאַרעכנט די ירידה אויפן חשבון פון סנה. עס זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס לויט זייער טבע, קענען זיי נישט זיין עפּעס אַנדערש, ווי „אַגענטן״, און יעדער וועלכער קען דעמדאָזיקן „פּאָליטישן ציגיינער״, לויט דער דעפיניציע פון בנטוב׳ן, ווייסט, אַז אויך ווען ער איז געווען ביי די אַלגעמיינע ציוניסטן און שפּעטער אויך אין מפ״מ, איז סנה געווען טעטיק אין שליחות פון אַ פרעמדן פאַקטאָר (און נישט דוקא פון דעמזעלבן פאַקטאָר די גאַנצע צייט), און דאָס ליגט שוין אין זיין נאַטור, אַז ער קען צוזאַמענ־אַרבעטן גלייכצייטיק סיי מיט ראַדיקאַלע ציוניסטן און סיי מיט אצ״ל און לח״י, סיי

מיט מפּ״מ און סיי מיט מק״י און ער געהערט צו דעם סאָרט באַשעפענישן וואָס האָבן נישט קיין אייגענעם קאָליר, נאָר ער נעמט אָן דעם קאָליר פון דער סביבה אין וועלכער ער געפינט זיך אין אַ באַשטימטן מאָמענט. סנה איז נישט מער געפערלעך, ווי מיקוניס און ווילנער, און וואָס מער ער וועט זיך אָפּן דערנענטערן צו מק״י — אַלץ וויניקער שאָדן וועט ער ברענגען דער אידישער געזעלשאַפט.

די ערנסטע פאַלשונגען פון דעם ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן געדאַנק, וואָס עטלעכע פון זיי דעמאָנט י. גלילי אין זיין אַרטיקל „צו דער פאַרענדיקונג פון אַ קאַפּיטל״ זיינען נישט געשאַפן געוואָרן דורך משה סנה, נישט מיט אים האָבן זיי זיך אָנגעהויבן און נישט מיט „זיין ליקווידאַציע״ וועלן זיי זיך ענדיקן אין די רייען פון „השומר הצעיר״ און מפּ״ם.

„דאָס איבער׳חזר׳ן רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען נישט רעכענענדיק זיך מיט אָביעקטיווע באַדינגונגען; אַראַבישע אָריענטאַציע, וואָס קוקט אויס די זיך דער־געטנטערנדיקע רעוואָלוציע־כוואַליעס אין די אַראַבישע לענדער; דאָס פאַרשפּרייטן לאָזונגען צווישן דער יוגנט אָנשטאָט זיי לערנען דענקען; איבער׳חזר׳ונג אָנשטאָט לערנען תורה; דיסקוטירעריי אָנשטאָט אויפקלערונג; דאָס שפּייען אויף דער הערשאַפט פון דער אַרבעטער־הסתדרות און באַלד נאָכדעם עקשנות׳דיקע פּראָקלאַ־מירונג פון איר איינקייט; צעשטערונג פון דער אידישער סאָלידאַריטעט פאַרן אויפבוי פונעם היימלאַנד; פלעגונג פון אחריות׳לאָזיקייט און פון אָפּאָזיציע צו דער רעגירונג; דאָס באַצייכענען די מדינה, נישט ווי אַ הויבקראַפט פאַר קיבוץ גלויות און אַ ראַם פאַר אַ זעלבסטשטענדיק און סוווערן לעבן פון פאָלק, נאָר אויסשליסלעך ווי אָן אויסדרוק פון מאַכט פון איין קלאַס איבערן צווייטן; באַמיאונגען אַרויסצורייסן פון האַרץ פון יעדן אַרבעטער די אחריות פאַרן גורל פון דער ווירטשאַפט און איר פּרוכט־באַרקייט, אָט דאָס אַלץ און נאָך שווערע, ערנסטע און ריכטיקע באַשולדיקונגען פאַרעכנט י. גלילי דוקא אויפן חשבון פון סנה און זיין נעבעכדיקע קאָמפּאַניע. — אָבער זאָגנדיק דעם אמת, זיינען דאָס דאָך די שעדלעכע תורות, וואָס עס האָבן אין משך פון יאָרן געפּרעדיקט — און דאָס ווערט פאַרגעזעצט — דורך די חברים פון „השומר הצעיר״, די חברים און פאַרבינדעטע פון סנה און דער „לינקער גרופּע״ וואָס, לויטן אָנגענומענעם וועג פון די חברים פון קיבוץ ארצי, האָבן זיי בעסער אויסגעוויילט זייער טריישאַפט צו זייער קיבוץ, ווי די טריישאַפט צו זייער אידעע־חברים.

5. אַמעריקע איז טרייף, אירע מיליאָנען זיינען כשר

נישט אַלע פירער פון „השומר הצעיר״ זיינען אַזוי אָפּנהערציק און אויסגע־האַלטן ווי ריפטין; יערי, דער פּראַקטיקער, פאַרשטייט, אַז ער דאַרף פאַרענטפערן „די הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן וואָס שטראָמען שוין יאָרן פון די טאַשן פון די אַמעריקאַנער אידן, פ ו ן אַ ל ע ש י כ ט ן, און וועלכע זיינען כשר אין די אויגן פון מפּ״ם״, און נישט נאָר דאָס, נאָר ער דערקלערט אָפן, אַז ער האָט נאָך נישט געהערט ביז איצט, „אַז סנה זאָל זיך אָפּזאָגן פון דער פינאַנציעלער הילף פון די מיליאָנען וואָס קומען פון די אַמעריקאַנער אידן״. — עס איז אַ ספק צי יערי׳ס טענה לגבי סנה איז באמת אַזאַ שטאַרקע, ווייל עס איז נישטאָ קיין שום סיבה, פאַרוואָס סנה זאָל נישט מותר זיין אויף דידאָזיקע מיליאָנען אין וועלכע מען נויטיקט זיך, לויט דער

מיינונג פון יערי׳ן, פאַר דער עליה פון אידן און זייער איינוואָרצלונג אין לאַנד. סנה איז נישט קיין שותף צו אָט דער איינוואָרצלונג און ער בויטיקט זיך נישט אין איר. אָבער אמת איז, אַז קיינער פון אונז האָט נאָך נישט געהערט, אַז אימיצער פון „השומר הצעיר״, אַפילו ריפטין, „זאָל זיך אָפּזאָגן פון דער הילף פון אָט די מיליאָנען פון די אַמעריקאנער אידן״. און זאָל אונז יערי מוחל זיין, אויב מיר וועלן צוגעבן — דאָס וואָס יערי וואָגט נישט אַרויפצוברענגען אויף זיינע ליפּן, — אַז מיר האָבן נישט געהערט ביז איצט, אַז אימיצער פון „השומר הצעיר״ זאָל זיך אָפּזאָגן פון דער הילף פון די מיליאָנען, וואָס די ישראל־רעגירונג האָט באַקומען פונם „אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם״ בכבודו ובעצמו, דאָס הייסט, פון דער אַמעריקאַנישער רעגירונג, צי דאָס איז געווען אַ הלוואה, צי אַ סובסידיע. ווי אונז איז באַוואוסט, זיינען די קיבוצים פון „השומר הצעיר״ נישט וויניקער להוט ווי אַנדערע, צו באַקומען מאַשינען, אינסטרומענטן, און זריעות, און בהמות, פאַרקער־מיטלען, וועלכע ווערן איינגעקויפט פאַר די מיליאָנען פון „אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם״. און נישט בלויז די פינאַנציעלע הילף פון די אַמעריקאַנער אידן איז נישט פּסול פּ אַ ק ט י ש אין די אויגן פון קיבוץ ארצי, נאָר אויך די „פאַרשקלאַפנדיקע״ פינאַנציעלע הילף פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג.

### 6. די יוגנט און דער „פאַרפירערישער לאָזונג״

אָבער לויט דער תורה פון דער טאָפּלטער בוכהאַלטעריע, הערט נישט אויף דער „השומר הצעיר״ און די צייטונג „על המשמר״—צו באַשמוצן די ישראל־רעגירונג פאַר איר „פאַרשקלאַפונג צום אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם״ אין צוזאַמענהאַנג מיט אירע באַמיאונגען צו באַקומען פינאַנציעלע הילף וואָס „דער „השומר הצעיר״ זאָגט זיך נישט אָפּ צו געניסן פון איר״, און ער שטיצט אונטער — באַוואוסטזיניק, אָדער אומבאַוואוסטזיניק, אויך דעם באַשמוצונגס־צוג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין פּראַג קעגן דעם ציוניזם און מדינת ישראל; דער צוג, וואָס מיר האָבן דערווייל געזען נאָר זיין אָנהויב, און ווער ווייסט צו וואָס ער וועט דערגיין...

י. גלילי וואַרפט פאָר קעגן סנה די שולד, אַז ער פּסל׳ט הורטוויז די צוזאַמענאַרבעט מיט מפא״י און ער פאַרניכטעט ביי די יוגנט די אידישע סאָלידאַרישקייט פאַרן אויפבוי פון לאַנד. גלילי זעט נישט, אָדער מאַכט זיך נישט זעענדיק, אַז נאָכן דערווייטערן (אָדער זעלבסט־דערווייטערונג) פון סנה פונם „צוזאַמענשליסונג־פראָנט״ פון „השומר הצעיר״ און מפ״מ, פאַרעפנטלעכט דער חבר פון „קיבוץ ארצי פון „השומר הצעיר״, מ. טשיזשיק, אַן אַרטיקל אין „על המשמר״ אונטערן נאָמען „מק״י אין געפאַנגענשאַפט פון קאָסמאָפּאַליטיזם״ — און דוקא ער שטעלט פעסט, אַז די גאַנצע זאַך פון נאַציאָנאַלער באַפרייאונג און זעלבסטשטענדיקייט וועגן וועלכע עס רעדט די ציוניסטישע באַוועגונג אין אַלע תפוצות און דאָס פאָלק אין ישראל, אָן אויסנאַם פון אַלע טיילן און פאַרטייען (פאַרשטייט זיך, אַז אויסער מפ״מ) — איז נישט מער, ווי אַ „פאַרפירערישער לאָזונג״. ווען די יוגנט פון „השומר הצעיר״, וואָס דערציט זיך בלויז אויף דערדאָזיקער צייטונג, לייענט, נאָך דער צעשיידונג מיט סנה, אַן אויפקלערונג פון איינעם פון אירע פירער, — אַ חבר פון דער עקזעקוטיווע פונם קיבוץ ארצי און אַ חבר פון מפ״מ־ראַט, — אַז דער גרויסער און שרעקלעכער חטא פון מק״י, איז דאָס, וואָס זי איז אין „געפאַנגענשאַפט פון קאָספּאָליטיזם״ (און קאָסמאָפּאָליטיזם

איז איצטער, ווי באַוואוסט, דער שרעקלעכסטער פון די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע פאַרברעכנס אין סטאַלינס שול, און דעריבער אויך ביי מפ״מ) און דידאַזיקע קאָסמאָ־פּאָליטישע מק״י „העלפט דער בורזשואַזיע און דעם רעפאָרמיזם (דאָס הייסט, יעדן ציוניסט, וואָס איז נישט קיין חבר אין מפ״מ) צו טראָגן די פּאָן פון דער נאַציאָנאַלער באַפריאונג און זעלבסטשטענדיקייט, ווי אַ פאַרפירערישן לאָזונג צווישן די אידישע מאַסן". וויאַזוי קען אַט די יוגנט, וואָס איז נאָך געבליבן ביי איר נאַאיווקייט און אויפריכטיקייט, און זי איז נישט געוואוינט און איז נאָך נישט מסוגל אויפצונעמען די טאָפּלטע בוכהאַלטעריע פון אירע עלטערע און פּראַקטישע פירער — וויאַזוי קען דידאַזיקע יוגנט האָבן דרך־ארץ פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג, איר אָרגאַניזאַציע, אירע אינסטיטוציעס און אירע ווערק? די יוגנט הערט, אַז אויסער די קליינע צאָל חברים פון מפ״מ, וועלכע מאַכן אויס אַ קליינעם פּראָצענט אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, זיינען אַלע איבעריקע ציוניסטן סיי „די בורזשואַזיע" און סיי די מערהייט פון דער ישראל׳דיקער אַרבעטער־שאַפט, וועלכע געהערט צו די „רעפאָרמיסטן",— פאָן־טרעגער פון נאַציאָנאַלער באַ־פרייאונג און זעלבסשטענדיקייט, ווי אַ „פאַרפירערישן לאָזונג" צווישן די אידישע מאַסן, וואָס־זשע פאַר אַ באַציאונג קען זי האָבן צום ציוניזם?

צי קען די יוגנט, וואָס ווערט דערצויגן אויף די דידאַזיקע „תורות", אויפהאַלטן אַן איינהייטלעכע אַרבעטער־הסתדרות, ווי עס וויל י. גלילי, און געטריי מיטאַרבעטן מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס אין איר אַנטשיידנדער מערהייט, פאַר־שפּרייט זי פאַרפירערישע לאָזונגען צווישן די אידישע מאַסן? און וואָס וועט זיין די באַציאונג פון אָט דער יוגנט צו דער עצם־זאַך פון דער נאַציאָנאַלער באַפרייאונג און זעלבסשטענדיקייט — וועלכע ווערן פאַרוואַנדלט אין די הענט פון דער מערהייט פון דער ישראל׳דיקער אַרבעטערשאַפט און אין די הענט פונם גאַנצן ציוניסטישן לאַגער אין אַ „פאַרפירערישן לאָזונג"?

מיטן אַוועקגיין פון דעם „רעוואָלוציאָנערן פּאַראַזיט" פון מפ״מ, האָט זיך גאָרנישט געענדערט, — די טיפע וואונד איגם קערפּער פון מפ״מ איז געבליבן, ווי געוועזן. זי שטאַמט פון דער „טראַגישער סתירה" אין וועלכער עס צאַפּלט זיך דער „השומר הצעיר" די גאַנצע צייט, די סתירה צווישן זיין ציוניסטישקייט און צווישן זיין „רעוואָלוציאָנערישקייט"; אָט די סתירה פּעלשט סיי זיין צוגאַנג צום ציוניזם און סיי זיין צוגאַנג צום סאָציאַליזם.

דער „השומר הצעיר" פירט אַ טאָפּלטע בוכהאַלטעריע אין ציוניזם: ער איז אָפּאָרטוניסטיש, אָן אַן אָפּהאַלט און אָן אַ גרענעץ, לטובת זיין ווירטשאַפט און זיין קיבוץ, און פאָדערט פון דער ישראל־רעגירונג און פון דער אַרבעטער־הסתדרות אַ ראַדיקאַלע שטעלונג, וועלכע זאָל זיך נישט רעכענען מיט דער אידישער און אינ־טערנאַציאָנאַלער ווירקלעכקייט. ער רעדט מיט גרויסע און הויכע ווערטער וועגן עליה און זיכערקייט, און מאַכט זיך, פּאַקטיש, נישט זעענדיק זייערע שווערע און פאַר־פלאָנטערטע באַדערפענישן און פּראָבלעמען. ער רעדט הויכע ווערטער וועגן דער מדינה און וועגן דער זעלבסטשטענדיקייט — און וואַרפט פון זיך פאַקטיש אַראָפּ איר שווערן עול. צום זכות פון „השומר הצעיר" דאַרף מען צוגעבן, אַז אויך כלפּי „דער וועלט פון רעוואָלוציע" פירט ער אָט די טאָפּלטע בוכהאַלטעריע: ער גייט אין די וועגן פון טיטאָ און בעט באַלוידיגונג ווי סטאַלין.

## ה. ישראל, ציוניזם און ראַטנפאַרבאַנד

„די כנסת קען נישט באַפרייען די רעגירונג פון פאַראַנט־וואָרטלעכקייט פאַר דער אַנטוויקלונג, וועלכע האָט געבראַכט צום איבערייס פון די דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען, צוליב דעם, וואָסדי רעגירונג האָט איבערגעריסן איר פריערדיקע פּאָליטיק פון נישט אידענטיפיצירונג און נייטראַליטעט און אָנגענומען אַ ליניע פון וואָס־אַמאָל גרעסערע פאַרשקלאַפונג צום מערב, און דערפירט צו אַ העצע קעגן ראַטנפאַרבאַנד מצד אָפיציעלע פאַקטאָרן״.

(פאָרשלאַג פון מ. בנטוב אין כנסת, 17.2.53)

„די כנסת לייגט אַרויף אויף דער רעגירונג די פאַראַנט־וואָרטלעכקייט פאַר דער אַנטי־סאָוויעטישע פּאָליטיק און פּראָ־פּאַגאַנדע, וואָס האָט דערפירט צום פאַרברעכערישן אַטענטאַט אויף דער סאָוויעטישער געזאַנדשאַפט אין תל־אביב און צום איבערייס פון די דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען צווישן ראַטנפאַר־באַנד און ישראל״.

(פאָרשלאַג פון מ. סנה אין כנסת, 17.2.53)

„די כנסת שטעלט פעסט, אַז די רעגירונג בן־גוריון־בערנ־שטיין טראָגט די פולע שולד פאַרן איבערייסן די דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען מיטן ראַטנפאַרבאַנד, זי טראָגט די פּאָליטישע און מאָראַלישע אחריות פאַרן בלוטיקן אַטענטאַט אויף דער סאָוויע־טישער געזאַנדשאַפט אין תל־אביב, וואָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון דעם סיסטעמאַטישן אַנטיסאָוויעטישן העצע־צוג מצד די מאַכט־אָנפירער אין ישראל״.

(פאָרשלאַג פון מ. ווילנער אין כנסת, 17.2.53)

### 1. דריי פאָרשלאַגן און דער אינהאַלט איז איינער

דריי פאָרשידענע פאָרשלאַגן, כלומרשט — און דאָך האָבן זיי איין אינהאַלט, ראַטנפאַרבאַנד האָט איבערגעריסן די באַציאונגען — און שולדיק אין דעם איז די ישראל־רעגירונג. אויך אין דער באַגרינדונג פון דער „באַשולדיקונג״ איז נישטאָ קיין גרויסער אונטערשייד, כאָטש בלויז בנטוב רעדט וועגן „אַ וואָס אַמאָל גרעסערער פאַרשקלאַפונג צום מערב״ — און דידאָזיקע פראַזע פעלט צופעליק אין דער פאָר־מולירונג פון ווילנער און סנה, — דאָס הייסט נישט, אַז דידאָזיקע צוויי האָבן אין דעם פאַל אַן אַנדערע מיינונג, ווי בנטוב.

עס איז נישט קלאָר, פאַרוואָס האָט דער געערטער ד״ר מ. סנה געמאַכט אַן אייגענעם פאָרשלאַג און זיך נישט אָנגעשלאָסן אינעם פאָרשלאַג פון מק״י, באַכדעם, ווי ער זעט שוין נישט איין קיין שום נויטיקייט אינעם אָנשליסן זיך צו מפ״מ. עס איז מעגלעך, אַז פאַר זיין אויפגאַבע, וואָס ער פּילט אויס, האָט ער נאָך דערווייל אַ באַ־דערפניש צו דערשיינען, כלומרשט, אין אַ באַזונדערע ראָם, און נישט צו רעדן עפנטלעך, ווי עס רעדן די לייט פון מק״י. ווען מען האָט געפרעגט ד״ר סנה אין כנסת, צי האַלט ער פון דער סאָוויעטישער תורה, אַז עס איז נישטאָ קיין אידיש

פאָלק, האָט ער בעסער איבערגעלאָזט מיקוניס'ן ענטפערן, אַז אַ אידיש פאָלק איז דאָ נאָר אין ישראל.

נאָר נאָאיווע זשורנאַליסטן געפינען אַ סתירה איגם פאַקט, וואָס אין פּראַג איז סנה באַצייכנט געוואָרן אַלס לייטער פון דעם בריטישן שפּיאָנאַזש־דינסט, — און אין לאַנד פירט ער אויס דעם אַמט פון דעם „פאַרטרויאונגס־מאַן פון דער וועלט פון רעוואָלוציע". ווי עס האָט פאָרמולירט בנטוב. דער קאָמוניזם ווייסט וויאַזוי צו שיקן צום טויט זיינע געטרייע און אַלטע פירער, נאָכדעם, ווי ער האָט זיי עפנטלעך באַשמוצט, אַזויווי ער האָט עס געטאָן מיט אַלע קאָמוניסטישע פירער אין רוסלאַנד און אין די „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס" און ער ווייסט אויך ווי זיך צו באַנוצן מיט פאַשיסטן, נאַציס און אַנדערע אויסוואורפן פון מענטשלעכן מין, וועלכע ווילן און זיינען פעאיק אים צו דינען, אַזוי ווי ער טוט דאָס איצטער אויף־הורט אין מזרח־דייטשלאַנד און אַזוי ווי ער האָט עס געטאָן אין זיין צייט אין אַנדערע לענדער.

עס איז נישטאָ קיין שום ספק, אַז ביזן פאַסיקן מאָמענט, קען אַזאַ מענטש, ווי סנה, מיט אַ ציוניסטישער פאַרגאַנגענהייט, זיין אַ סך נוצלעכער פאַר „דער וועלט פון רעוואָלוציע", ווי אָפענע און לאַנגיעריגע מיטגלידער פון מק"י. און כאָטש מק"י און סנה'ס פראַקציע האָבן געשטימט צוזאַמען, און יעדער איינער פון זיי האָט געשטימט פאַר דעם צווייטנס פאָרשלאַג, האָט דאָך סנה געהאַלטן פאַר נויטיק צו דערשיינען מיט אַ באַזונדערן פאַרשלאַג און מאַכן אַן אָנשטעל, אַז ער און זיינע חברים שטייען אויסער די רייען פון מק"י. ווי צוויי, כלומרשט, באַזונדערע קערפּער־שאַפטן, קענען זיי צומאַרגנס שאַפן „אַ פאָלקס־פראָנט" און אַריינכאַפּן אין זייער נעץ פחדנות'דיקע שוטים, וועלכע וועלן נישט וואָגן זיך אָנצושליסן אין מק"י, ווען זי איז אַליין.

דעריבער איז סנה'ס פאָרשלאַג געווען קורץ און אָן דעם אַנטי־ישראל'דיקן סם, וואָס האָט זיך געפונען אין ווילנער'ס פאָרשלאַג. ווילנער דאַרף נישט קיין מאַסקע, ער האָט אויך נישט די טעאַטראַלישע פעאיקייט, אין וועלכער עס נויטיקט זיך אַ מענטש, וואָס פאַרנעמט זיך זיין גאַנץ לעבן מיט געזעלשאַפטלעכער פאַרפירערײ און אָפּנאַרערײ.

און מיר זיינען בכלל נישט פאַראינטערעסירט צו דיסקוטירן מיט סנה אָדער ווילנער, און עס איז שווער צו זאָגן וועד פון זיי איז מער מוקצה אין זייער אָפּטריניגקייט פון זייער פאָלק. כאָטש ערשט מיט צוויי אָדער דריי חדשים צוריק, ווען מען האָט אין כנסת ציטירט סנה'ס ווערטער וועגן די שרעקלעכע מעשים פון די סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען כלפי די ציוניסטן — האָט ווילנער גע'טענה'ט, אַז דידאָזיקע ווערטער זיינען געננומען געוואָרן פון נאַציישן „שטירמער" און, אַז דאָס זיינען נאַצישע אַנטי־סאָוויעטישע מעשיות; אָבער מען דאַרף דערמאָנען צום גוטן ווילנער'ן, אַז בעת ער האָט אָפּגעגעבן דידאָזיקע מעלדונג, האָט ער נאָך נישט געוואוסט, אַז די ציטירטע ווערטער קומען פון זיין פאַרבינדעטן מ. סנה, און אַז שפּעטער ווען ער האָט געהערט, אַז משה סנה (קליינבוים) איז געווען אונטערגעשריבן אויף די אַנטי־סאָוויעטישע באַשולדיקונגען — האָט ער אָנגענומען אַ פול מויל מיט וואַסער און געשוויגן אין צעטומלטקייט און חרטה (זע „דברי הכנסת", פון 25.11.52, זייט 176). קיין שום קאָמוניסט אין קיין שום לאַנד איז נישט פאַרזיכערט פון נישט מאַכן אַזאַ פעלער, ווי עס האָט געמאַכט ווילנער — נישט, ווען ער לויבט און נישט, ווען ער טאַדלט, ווייל

אַ קאָמוניסט קען קיינמאָל נישט וויסן וואָס וועט, אין אַ רגע אַרום, זיין דער צושטאַנד פון דעם געלויבטן אָדער געטאַדלטן. און דערווייל איז סנה אַ פערסאָנאַ גראַטא סיי אין דער סאָוויעטישער געזאַנדשאַפט אין תל־אביב און סיי אין די איבעריקע געזאַנדשאַפטן פון קאָמאינפאָרם אין ישראל; די דינסטן, וואָס ער קען טאָן אין ישראל — ביזן פאַסיקן מאָמענט — פאַר דער „וועלט פון רעוואָלוציע״ שטייגן איבער, אפילו, די, וואָס עס קענען טאָן אַלטע, אויסגעפּרוּווטע מק״י־לייט. און עס איז נישטאָ קיין שום ספק, אַז די געטריישאַפט און צוגעבונדנקייט צום קאָמאינפאָרם איז נישט קלענער ביי סנה, ווי ביי די אָפיציעלע חברים פון מק״י. ווי עס איז אומעגלעך צו דיסקוטירן מיט גראַמאַפאָן־פלאַטן, אַזוי איז אומעגלעך צו דיסקוטירן מיט קאָמאינפאָרם־געטרייע.

אָבער בנטוב׳ס פאָרשלאַג איז ווערט קאָנטראָלירט און באַטראַכט צו ווערן, ווייל ער אַנטפּלעקט אין דער פולסטער מאָס אַלע דריידלעך פון דער קאָמוניסטישער „וצדקתך־דיקייט״, ציוניסטישער צביעות און די אינערלעכע סתירות אין דער פּאָזיציע פון „השומר הצעיר״. און עס איז כדאי צו ברענגען דאָ דעם פאָרשלאַג אינגאַנצן, אַזוי ווי ער איז; בלויז איין קליינע ענדערונג וועלן מיר זיך דערלויבן אַריינצוטראָגן אין דעמדאָזיקן פאָרשלאַג: אָנשטאָט דעם וואָרט „כנסת״, מיט וועלכן עס האָט זיך באַנוצט בנטוב, וועלן מיר אַריינטראָגן אינם פאָרשלאַג דאָס וואָרט „מפ״מ״, ווייל דערווייל איז פאָרגעקומען די אָפּשטימונג, און בנטוב׳ס פאָרשלאַג איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן מיט אַ מערהייט פון 85 שטימען קעגן 8, און בנטוב קען שוין נישט האָבן קיין פּרעטענזיע, אַז זיינע ווערטער דריקן אויס די מיינונג פון דער כנסת. העכסטנס קענען זיי אויסדריקן די מיינונג פון מפ״מ. און דאָס איז דער אינהאַלט פונם פאָרשלאַג:

„מפ״מ זעט אינם איבערייס פון די דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען מיט מדינת ישראל מצד ראַטנפאַרבאַנד אַן ערנסטן פּאָליטישן קלאַפּ פאַר דעם אידישן פאָלק, דעם ציוניזם און מדינת ישראל, פאַר איר זיכערקייט און גאַנצקייט״.

„נישט פאַרגעסנדיק דעם הינטערגרונט פון דער אַנטי־ציוניסטישער באַציאונג פון ראַנטפאַרבאַנד צו אונז, לויט דעם, ווי זי איז געקומען צום אויסדרוק אין פּראַגער פּראָצעס און אין די פאַרעפנטלעכונגען אין מאָסקווע — קען מפ״מ נישט באַפרייען די רעגירונג פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער אַנטוויקלונג, וועלכע האָט געבראַכט צום איבערייס פון די דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען, צוליב דעם, וואָס די רעגירונג האָט איבערגעריסן איר פריערדיקע פּאָליטיק פון נישט־אידענטיפיצירונג און נייטראַליטעט און אָנגענומען אַ ליניע פון וואָס־אַמאָל גרעסערע פאַרשקלאַפונג צום מערב, און דערפירט צו העצע קעגן ראַנטפאַרבאַנד מצד אָפיציעלע פאַקטאָרן; זי האָט פאַרוואַנדלט די גערעכטע פאַרטיידיקונג קעגן די וואָס־אַמאָל שטאַרקערע אָנגריפן קעגן ציוניזם און קעגן ישראל. אין אַן אַנטי־סאָוויעטישן באַשמוצונגס־צוג, אין קעגנזאַץ צום געבאָט פון ציוניסטישער און אידישער אחריות, און זי האָט נישט געקענט אויסמיידן דעם פאַרברעכערישן אַטענטאַט אויף דער סאָוויעטישער געזאַנדשאַפט דורך פאַשיסטישע עלעמענטן, וועלכע בושעווען אומגעשטערט אין גאַס פאַר דער מאַכט אין די אויגן״.

מפ״מ שטעלט פעסט, אַז די פאָלקס־מאַסן אין ישראל,

וועלכע באַציען זיך מיט סימפּאַטיע צו ראַטנפאַרבאַנד און געדענ־
קען איר געטרייע הילף ביי דער שאַפונג פון דער מדינה און ביי
אונזער קאַמף פאַר איר עקזיסטענץ, וועלן נישט שלום מאַכן מיט
דעמדאָזיקן איבערייס און זיי וועלן קעמפן פאַר דער קעגנזייטי־
קער פריינטשאַפט צווישן ראַטנפאַרבאַנד און ישראל און פאַר דער
באַנייאונג פון די דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען צווישן זיי".

„די אידישע פאָלקס־מאַסן וועלן אויך אָפּוואַרפן די צע־
שטערנדיקע פּאָליטיק פון דער רעגירונג כלפּי ראַנטפאַרבאַנד —
וועלכע שעדיקט דעם אויפבוי פונם לאַנד, דעם קיבוץ גלויות און
דעם שלום און די אומאָפּהענגיקייט פון דער מדינה".

„דעריבער דריקט אויס מפּ"מ אומצוטרוי דער רעגירונג".

אין דעמדאָזיקן פאָרשלאַג איז פאַראַן נישט בלויז אַ שותפות'דיקער אינהאַלט
מיט די פאָרשלאַגן פון מק"י און סנה — טאַדלונג פון דער רעגירונג פאַר איר אַנטי־
סאָוויעטישע העצע, פאַרשקלאַפונג צו מערב, פאַראַנטוואָרטונג פון ישראל פאַרן
אויפרייס, און אויך די שולד פון אונזער רעגירונג פארן איבערייס פון די באַציאונגען,—
נאָר עס געפינען זיך אין אים אויך זאַכן, וואָס זיינען נישטאָ אין די פאָרשלאַגן פון
מק"י און סנה: דאָס באַשולדיקן די רעגירונג אין שעדיקן דעם אויפבוי פון לאַנד,
דעם קיבוץ גלויות, די זיכערקייט און אומאָפּהענגיקייט פון דער מדינה — און אויך
אַ דערמאָנונג וועגן „דער אַנטי־ציוניסטישער באַציאונג פון ראַנטפאַרבאַנד", וואָס
סיי די אָפּענע און סיי די פאַרמאַסקירטע מק"י, זעען נישט איין, אין דעם קיין שום
עוולה און בייז.

מען קען נישט צווייפלען אין דער ריכטיקייט פון בנטוב'ס (אָדער מפּמ'ס)
פעסטשטעלונג, אַז דער איבערייס פון די דיפּלאָמאַטישע באַציאונ־
גען מיט מדינת ישראל מצד ראַנטפאַרבאַנד איז אַן ערנסטער פּאָליטישער קלאַפּ
פאַרן אידישן פאָלק, פאַרן ציוניזם א.אַ.וו., און דער צווייפל ליגט נישט אין אַ נישט־
באַגרינדעטער טעזע, אַז ראַנטפאַרבאַנדס פריינטשאַפט אָדער פיינטשאַפט האָבן נישט
קיין ווערט און אַז ראַנטפאַרבאַנדס כוח איז נישט גענוג שטאַרק און גרויס צו העלפן
אָדער צו שטערן. ראַנטפאַרבאַנד איז אַ מעכטיקע מלוכה, וועלכע האָט די גרעסטע
אַרמיי אין דער וועלט. אין איר רשות האָט זי נישט בלויז די צוויי הונדערט מיליאָן
איינוואוינער פון רוסלאַנד, נאָר אויך אַלע כוחות און מיטלען, און אַרמייען און רוי־
שטאָפן, און די לאַנדווירטשאַפט און די אינדוסטריע פון אַלע לענדער פון מזרח־
אייראָפּע, וועלכע מען רופט „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס". און נישט בלויז דאָס, נאָר
ראַנטפאַרבאַנד האָט אויך אין דעם גרעסטן טייל לענדער אַ פינפטע קאָלאָנע אין דער
פאָרם פון קאָמוניסטישע פאַרטייען, וועלכע פאַרמאָגן נישט קיין שום רעכט און קאָמ־
פעטענץ און אינטערעס צו נעמען אין באַטראַכט די וועגן פון זייער פאָלק און פון
זייער מדינה און פון די אַרבעטער־מאַסן פון זייער פאָלק, — נאָר זיי מוזן האַלטן
די אינטערעסן פון ראַנטפאַרבאַנד. לויט דעם, ווי זיי ווערן פעסטגעשטעלט און באַ־
שטימט פון צייט צו צייט אינם קרעמל, פאַרן העכסטן אינטערעס פון „דער וועלט
פון רעוואָלוציע" און זיי מוזן טאָן דעם ווילן פון די הערשער פון מאָסקווע, אפילו,
ווען זיי שטייען אין אַ סתירה צו דער געטריישאַפט צו זייער מדינה. נאָר אַ פּאָלי־
טישער שוטה, וואָס זיין קעגנערשאַפט צום קאָמוניזם פירט אים אַרויס פון די כלים,

קען זיך באַציען מיט גלייכגילטיקייט צו דער פּאָזיטיווער אָדער נעגאַטיווער באַציאונג פון ראַטנפאַרבאַנד אויפן אינטערנאַציאָנאַלן געביט, און טראָץ דעם, איז פאַלש און פאַרפירעריש די פּראָקלאַמירונג פון מפ״מ; ווייל נישט אינם איבערייס פון די דיפּ־לאָמאַטישע באַציאונגען מיט מדינת ישראל ליגט אַ סכנה פאַרן ציוניזם און פאַרן אידישן פאָלק — אַזאַ איבערייס האָט עקזיסטירט אַ סך יאָרן צווישן ראַטנפאַרבאַנד און שווייץ, און די לעצטע האָט בכלל נישט געליטן, יעדנפאַלס נישט אין אַן אָנזע־עוודיקער מאָס, פונם איבערייסן די באַציאונגען.

2. ווען האָבן מיר באַקומען דעם ערנסטן קלאַפּ פון ראַטנפאַרבאַנד?

דאָס אידישע פאָלק און דער ציוניזם האָבן באַקומען אַן ערנסטן קלאַפּ, און נישט בלויז אַ פּאָליטישן, נאָר אַ סך אַ שווערערן און שרעקלעכערן, ווי דעם, וועגן וועלכן עס רעדן די חברים פון מפ״מ. נישט מיטן איבערייס פון די באַציאונגען מיט מדינת ישראל, נאָר אַ סך יאָרן פאַר דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה האָט ראַטנפאַרבאַנד געגעבן דעם קלאַפּ, און זי האָט עס געטאָן אויף דריי וועגן:

א) דורכן אָפּרייסן דאָס רוסישע אידנטום פון אידישן פאָלק;

ב) דורכן דערשטיקן דאָס אידישע לעבן אינם רוסישן אידנטום, דאָס דער־שטיקן די אידישע דערציאונג און די אידישע קולטור, נישט בלויז אין העברעאיש, נאָר אויך אין אידיש, און דאָס מאַכן „פאַרשווינדן״ אַלע אידישע שרייבער;

ג) דורך דער פאַראורטיילונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און איר פאַר־פאָלגונג און אויסראָטונג, אומעטום, וואו עס הערשט פּאַקטיש דער סאָוויעטישער רעזשים.

דידאָזיקע דרייפאַכיקע פיינטלעכע טעטיקייט ווערט פאָרגעזעצט שוין העכער דרייסיק יאָר, כמעט מיטן אָנהויב פון דער באַהערשונג פון דער רוסישער אימפּעריע דורך די באָלשעוויקעס. בעת לענין האָט געלעבט, איז נאָך געווען דערלויבט די עקזיסטענץ פון אַ העברעאיש טעאַטער אין מאָסקווע, עס איז געווען אָנערקענט די „החלוץ״־אָרגאַניזאַציע און עס איז געווען דערלויבט, אין אַ באַגרעניצטער מאָס, אַ אידישע עליה קיין ארץ־ישראל. אָבער דידאָזיקע „אָפּנויגונגען״ מצד לענינען זיינען ליקווידירט געוואָרן לחלוטין דורך לענינס יורשים, און אין אונזער צייט איז שוין ראַטנפאַרבאַנד דאָס איינציקע לאַנד אין דער וועלט, אפשר אויסער עטלעכע אַראַבישע לענדער, וואו אידן איז פאַרבאָטן צו לעבן אַלס אידן, אויפהאַלטן העברעאישע שולן, לייענען אַ העברעאיש בוך, באַקומען אַ צייטונג אָדער אַ בוך פון ארץ־ישראל, קומען אין באַציאונגען מיטן אידנטום פון אַנדערע לענדער, און וואו עס איז נגזר געוואָרן אויף אַ קיבוץ פון מיליאָנען אידן פאַרשטומטקייט, דערשטיקונג און גייסטיקער שמד, ווי עס איז נאָך נישט געשען אין דער אידישער געשיכטע ביז דאַן. די ציוניסטישע באַוועגונג אין אַלע אירע אַנטפּלעקונגען, אָן אַ יוצא מן הכלל — איז פּראָקלאַמירט געוואָרן, ווי אַ פּסול׳ע רעאַקציאָנערע באַוועגונג, וואָס דינט פרעמדע כוחות, נאָך אַ סך יאָרן איידער עס איז געשאַפן געוואָרן אַ רעגירונג אין ישראל, ווען די באַוועגונג איז געפירט געוואָרן דורך אַ פירער, וועלכער איז געווען זייער נאָענט צום האַרצן פון „השומר הצעיר״; און ווען דער מופטי האָט אָרגאַניזירט אַ פאַרניכטונגס־צוג קעגן

אידישן ישוב אין די יאָרן 8—1936 —— איז דורך מאָסקווע געגעבן געוואָרן אַן אינסטרוקציע צו דער פּ.ק.פּ. אין ארץ־ישראל, צו אירע אידישע און אַראַבישע מיט־גלידער, צו העלפן פּאַרניכטן די ציוניסטישע קאָלאָניזאַציע.

נאָר אַ פּאַרטיי, אין וועלכער עס איז פּאַרדרייט געוואָרן דאָס אידישע און ציוניסטישע געוויסן, (דאָס הייסט, דאָס מענטשלעכע געוויסן), כאָטש זי דעקלאַמירט וועגן חלוצישן ציוניזם און קלאָגט אויף די שעדיקונגען וואָס די ישראל־רעגירונג האָט געבראַכט דעם אויפבוי פון לאַנד און דעם קבוץ גלויות, נאָר אַזאַ פּאַרטיי האָט זיך געקענט מאַכן נישט־זעענדיק דידאָזיקע שרעקלעכע פאַקטן, פאַקטן, וועלכע באַגלייטן „די וועלט פון רעוואָלוציע” אין ראַנטפּאַרבאַנד שוין צענדליקער יאָרן און זיי זיינען קיינמאָל נישט אָפּגעשטעלט געוואָרן, נישט פאַר דער אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל און נישט נאָך איר אַנטשטייאונג.

און עס איז אומעגלעך צו באַשולדיקן דעם „השומר הצעיר”, אַז ער האָט נישט קיין גוטן זכרון. ער געדענקט דאָך און דערמאָנט אָן אויפהער די רעדע פון גראָמיקאָ, און ביי יעדער געלעגנהייט שטעלט ער אונז דאָך צו צו אינקאַסע טייערע וועקסלען פאַר דערדאָזיקער רעדע, אָבער אָט די „מאַרקסיסטן־לעניניסטן” באַטראַכטן אַ רעדע, וועלכע איז געהאַלטן געוואָרן ביי באַשטימטע באַדינגונגען און ביי אַ באַשטימטער מאָמענטאַלער באַדערפעניש (און וועגן דעם וועלן מיר נאָך רעדן) פאַר אַן אַנטשייד־דענעם היסטאָרישן פאַקט, און זיי זעען נישט איין אָדער אַנטלויפן, ווי ווייכהערציקע אינטעלעקטואַליסטן, פון באַשטימטע, עקזיסטירנדע, אויסגעהאַלטענע און דויערנדע פאַקטן, וועלכע האָבן זיך נישט געענדערט און זיינע נישט איבערגעריסן געוואָרן אפילו אויף איין מאָמענט אין „דער וועלט פון רעוואָלוציע”. יאָ: אַן ערנסטער און שווערער קלאַפּ איז געגעבן געוואָרן דעם אידישן פאָלק און דעם ציוניזם, (און, ממילא, דער מדינת ישראל, וואָס איז נאָר אַ רעזולטאַט פון דידאָזיקע צוויי פאַקטאָרן) — אָבער נישט אין מאָמענט פונם איבערייס פון די באַציאונגען, נאָר אין דער סטאַבילער גרונט־פּאָליטיק פון ראַטנפאַרבאַנד לגבי דעם אידישן פאָלק און לגבי דעם ציוניזם.

ווער עס איז נישט מסוגל אָפּצושאַצן וואָס עס האָבן פּאַרלוירן דאָס אידישע פאָלק און דער ציוניזם (און דורך דעם מדינת ישראל) דורך דער פּיינטלעכער פּאָליטיק פון ראַנטפּאַרבאַנד צום ציוניזם און דורך דער באַרויבונג פון זעלבסטבאַשטי־מונגס־רעכט פון די אידן, אפילו אין די גרעניצן פון ראַטנפאַרבאַנד און אין דער ראַם פון דער נאַציאָנאַלער ווירקלעכקייט פון ראַטנפאַרבאַנד, זאָל זיך זעלבסט פרעגן: וואָס וואָלטן מיר פּאַרלוירן, ווען דער רעזשים, וואָס עקזיסטירט אין ראַטן־פאַרבאַנד זינט 1918, וואָלט עקזיסטירט זינט 1882? — עס וואָלט נישט געווען ביל”ו, עס וואָלט נישט געווען די ערשטע און די צווייטע עליה קיין ארץ־ישראל, עס וואָלט נישט אַנטשטאַנען קיין העברעאישע און קיין אידישע ליטעראַטור, עס וואָלטן נישט געווען נישט אחד־העם און ביאַליק, נישט שלום־עליכם, פרץ און אַנדערע, און דער נייער ישוב וואָלט נישט אויפגעבויט געוואָרן, אידישע אַרבעט און אידישע שמירה וואָלט נישט עקזיסטירט אין לאַנד, דער גרעסטער טייל פון אידישן פאָלק (אין יענער צייט איז דער גרעסטער טייל פון אידישן פאָלק געווען אין רוסלאַנד) וואָלט אין קולטור־גייסטיקן זין געווען פּאַרניכטעט, און עס וואָלט נישט אַנטשטאַנען דאָס

אַמעריקאַנישע אידנטום, וואָס האָט אונז געהאָלפן אין דער צייט פון דער נאַצישער פאַרוויסטונג און בעת׳ן אויפקום פון דער מדינה!

ווי אַזוי קען אַ אידישע פּאַרטיי, וואָס איז נישט מק״י, שוין נישט רעדנדיק וועגן אַ ציוניסטיש־חלוצישער פּאַרטיי, נישט איינזען דעמדאָזיקן שרעקלעכן קלאַפּ, וואָס איז געגעבן געוואָרן דעם אידישן פאָלק אין משך פון די לעצטע 35 יאָר דורך דעם „אויסלייזנדיקן" רעזשים אין ראַטנפאַרבאַנד? וואָס איז די היסטאָרישע און מאָ־ראַלישע באַרעכטיקונג אָנצוהויבן די געשיכטע פון די באַציאונגען צווישן דעם רוסישן „קאָמוניזם" און צווישן אידישן פאָלק פון 12־טן פעברואַר דאָס יאָר, ווען דער אידישער געזאַנדטער אין מאָסקווע איז אויפגעפאָדערט געוואָרן אַוועקצוגיין אָדער פון זינט דעם אויפרייס אין הויף פון דער סאָוויעטישער געזאַנדשאַפט אין תל־אביב?

### 3. די „גראָמיקאָ־רעדע"

און גראָמיקאָ׳ס רעדע? מיר ווען נישט פרעגן די חברים פון „השומר הצעיר" פאַרוואָס פון אַלע רעדעס פאַר דער צעטיילונג פון ארץ־ישראל אויף צווי מדינות, איינע אַ אידישע און איינע אַן אַראַבישע, געדענקען זיי און דערמאָנען נאָר די רעדע גון גראָמיקאָ. מיר וועלן זיי אויך נישט פרעגן פאַרוואָס זיי האָבן געקעמפט אין משך פון אַ סך יאָרן קעגן דעם פּלאַן, וועלכן עס האָט אונטערגעשטיצט גראָמיקאָ — און זיי האָבן אים פאַרגעשטעלט, ווי אַ פּסול׳דיקן, רעאַקציאָנערן און נישט־דערלאָזבאַרן פּלאַן, וואָס איז קעגן „די כוחות פון מאָרגן" און בכלל נישט ממשות׳דיק. יעדן מענטש, וועלכער האָט אַרויפגעבראַכט דעם געדאַנק אויף זיינע ליפּן, האָבן זיי פּראָ־קלאַמירט פאַר אַ פאַרעטער פון ציוניזם און פוסטן פאַנטאַזיאָר, און בלויז אַ דאַנק דער רעדע פון גראָמיקאָ איז אָנערקענט געוואָרן דער חלוקה־פּלאַן, און דער געדאַנק וועגן אַ אידישער מדינה בכלל איז געוואָרן מותר אין די רייען פון „השומר הצעיר". מען דאַרף נישט באַ׳עוולה׳ען גראָמיקאָ צוליב דער פּאָליטישער בטלנות פון „השומר הצעיר", וועלכער הילט זיך איין אין אַ מאַנטל פון פּראָגרעס און מאַרקסיזם־לעניניזם, און מיר געדענקען מיט דאַנקבאַרקייט דידאָזיקע רעדע, ווי מיר געדענקען מיט דאַנק־באַרקייט די רעדעס פון אַנדערע פּאָליטיקער, וועלכע האָבן געהאָלפן אין אונ״אָ (און פאַר אונ״אָ) צו שאַפן די אידישע מדינה. און אויב מפּ״מ פאַרצייכנט, אַז די פאָלקס־מאַסן אין ישראל, (וואָס זיי האָבן בכלל נישט קיין רעכט צו רעדן אין זייער נאָמען) באַציען זיך מיט סימפּאַטיע צו ראַטנפאַרבאַנד און זיי דערמאָנען זי צום גוטן פאַר איר געטרייער הילף ביים שאַפן די מדינה, איז געוויס באַרעכטיקט די סימפּאַטיע פון די פאָלקס־מאַסן אין ישראל פאַר אַמעריקע, וועלכע האָט געהאָלפן אַביסל מער און אין משך פון אַ לענגערער צייט און נישט בלויז מיט רעדעס, צו דער אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל, איר אויפבוי און אַנטוויקלונג.

און נישט בלויז וואָס „השומר הצעיר" פאַדרייט באַוואוסטזיניק די געשיכטע פון די באַציאונגען צווישן ראַנטפאַרבאַנד און צווישן דעם ציוניזם און דעם אידישן פאָלק, נאָר צוזאַמען מיט מק״י און סנה׳ס פראַקציע גיט ער צו אַן אויסגעטראַכטע און פאַרדרייטע באַדייטונג דער „גראָמיקאָ־רעדע און דער באַציאונג פון ראַנטפאַרבאַנד ביים אָנהויב פון דער שאַפונג פון מדינת־ישראל.

מיר, דאָס אידישע פאָלק, זיינען נישט קיין מפונקים אין דער געשיכטע, און

מיר האָבן נישט קיין סך פריינט, און פרעמדע איילן זיך נישט אונז אַ סך צו העלפן, און דעריבער געדענקען מיר מיט דאַנקבאַרקייט און אָנערקענונג יעדע הילף, וואָס איז אונז אַמאָל געגעבן געוואָרן, נישט קוקנדיק אויף די סיבות אָדער מאָטיוון, וואָס האָבן דערצו געבראַכט. מיר וועלן געוויס נישט פאַרקלענערן די הילף פון ראַטנ־פאַרבאַנד אין דער אַנטשיידונג פון אונ״אָ, אפילו ווען מיר וועלן עס נישט טאָן לויטן פאַרדרייטן אמת פון „השומר הצעיר״, און מיר וועלן באַצייכענען דעם אמת, אַזוי ווי ער איז, אַז פינף און דרייסיק פעלקער, דער גרעסטער און אַנטשיידנסטער טייל פון די לענדער אין מערב־אייראָפּע און אין אַמעריקע, און נישט אָן דער שטאַרקער הילף פון די פאַראייניקטע שטאַטן, זיינען אויך געווען שותפים צו דער אַנטשיידונג פון אונ״אָ. און אָן דער באַטייליקונג פון די מערב־לענדער — וואָלט פון דער פּאָזיטיווער באַ־ציאונג פון ראַטנפאַרבאַנד פאַר דער חלוקה און פאַר דער שאַפונג פון מדינת ישראל — גאָרנישט נישט אַרויסגעקומען.

אָבער ווען מיר שטייען איצטער ביים טרויעריקן קאַפּיטל פון דער פאַרשטאַרק־טער אַנטי־ציוניסטישער פיינטשאַפט, וואָס אפילו „השומר הצעיר״ קען עס שוין נישט פאַרזען, און אין דער באַגלייטונג פון שנאה צום אידנטום, וואָס דער „השומר הצעיר״ אָנערקענט עס דערווייל נישט, נישט אין זיינע אַרטיקלען און נישט אין זיינע באַשלוסן, פונקט, ווי ער האָט נישט אָנערקענט אין זיין פאָרשלאָג אין כנסת, וואָס איז אַריינגע־טראָגן געוואָרן דורך בנטוב׳ן, פרעגט זיך די פראַגע: וואָס איז געווען דער מיין פון גראָמיקאָ׳ס רעדע? עס איז נישט אַזוי שווער צו געפינען אַן ענטפער, אַ פשוט׳ן און ריכטיקן ענטפער, אַז ראַטנפאַרבאַנד האָט אונטערגעשטיצט די צעטיילונג פון לאַנד און די שאַפונג פון צוויי מדינות, איינע אַ אידישע און איינע אַן אַראַבישע, ווייל דאָס איז געווען דער איינציקער זיכערער וועג, צו באַזייטיקן ענגלאַנד פון פּאַלעסטינישן מאַנדאַט. נישט קיין פּאָזיטיווע ווענדונג אין דער באַציאונג צום ציוניזם, נישט קיין חרטה אויף דער דערשטיקונג פונם אידנטום אין רוסלאַנד און דאָס אָפּרייסן אים פון אידישן פאָלק, — נאָר אַ פלינקער שאַכמאַ־טישער צוג צו באַזייטיקן דעם פּאָליטישן קעגנער פון אַ קראַפט־פּאָזיציע אין אַ וויכ־טיקן ווינקל פון דער וועלט.

דערדאָזיקער עגאָאיסטישער מאָטיוו פאַרמינדערט נישט אין אונזערע אויגן דעם ווערט פון דער רוסישער הילף, אין דער מאָס, וואָס זי איז אונז געגעבן געוואָרן, און ער פאַרקלענערט נישט אונזער דאַנקבאַרקייט פאַרן שריט, וואָס ראַטנפאַרבאַנד האָט דעמאָלסט געמאַכט. נישט בלויז ראַטנפאַרבאַנד, נאָר אויך אַנדערע מדינות העלפן אָדער שטערן נישט בלויז לשם־שמים. אָבער יעדער וואָס האָט אָפענע אויגן, און זיין שכל און געוויסן זיינען נישט פאַר׳משכונ׳ט צו אַן אַנדערן, — ווערט לייכט פאַרשטיין צוליב וואָס האָט ראַטנפאַרבאַנד, אין אַ באַשטימטן מאָמענט, געשטיצט די שאַפונג פון מדינת ישראל, כאָטש ער האָט פאַרגעזעצט, ווי פריער, צו רודפ׳ן מיט דער שטאַרקסטער פיינטשאַפט יעדע ציוניסטישע און אידיש־פרייע אַנטוויקלונג, אין יעדן אָרט, וואו זיין האַנט האָט דערגרייכט, און גלייך מיט דער אַנטשטייאונג פון דער „פאָלקס־דעמאָקראַטיע״ אין פוילן, רומעניע, אונגאַרן, בולגאַריע, טשעכאָסלאָוואַקיע און אין מזרח־דייטשלאַנד — איז ליקווידירט געוואָרן די ציוניסטישע באַוועגונג אין די דאָזיקע לענדער און עס איז געמאַכט געוואָרן אַ סוף צו דער מפ״מ־באַוועגונג, וואָס

איז „אַן אינטעגראַלער טייל פון דער וועלט פון דער רעוואָלוציע״.

און נאָר אַ כאַפּטע פּאָליטישע בטלנים און חסידים שוטים, וועלכע חזר'ן איבער אויסנווייניק ציטאַטן פון סטאַלינס און לענינס ביכער און פאַרשטייען נישט די ווירק־לעכקייט פון ראַטנפאַרבאַנד און אירע אמת'דיקע טענדענצן, שטייען דערשטוינטע און איבעראַשטע פאַר דער שנאה פון באַשמוצונגס־צוג פון דעם „קאָמוניזם״, וואָס האָט זיך פאַר זיי אַנטפּלעקט, כלומרשט, דאָס ערשטע מאָל „אויפן פראַגער פּראָצעס און אין די פאַרעפנטלעכונגען פון מאָסקווע״.

לויט זיין יסודות'דיקן מהות און לויט זיינע היסטאָרישע שטרעבונגען, שטרע־בונגען פון אויסגעשפּראָכן רוסישן אימפּעריאַליזם און שאָוויניזם, קען דער סטאַלי־ניסטישער רעזשים נישט מסכים זיין מיט דער עקזיסטענץ פון אַ אידיש פאָלק, מיט זעלבסטבאַשטימונגס־רעכט. פּונקט ווי ער איז נישט מסכים מיט דער עקזיסטענץ פון יוגאָסלאַוויע מיט זעלבסטבאַשטימונגס־רעכט, אפילו, ווען זי איז „קאָמוניסטיש״ נישט ווייניקער, ווי ראַטנפאַרבאַנד. אָדער מען וואַרפט זיך אונטער אויף הונדערט פּראָצענט דער מאַכט פון קרעמל, און מען טוט זיין ווילן נישט רעכענענדיק זיך דערמיט צי עס איז גוט צי שלעכט, צי דאָס איז פאַר דיין טובה אָדער פאַר דיין רעה, — אָדער מען ווערט דערקלערט, אַלס פאַשיסטן, שונאים פון ראַטנפאַרבאַנד, אימפּעריאַליסטישע אַגענטן און מלחמה־העצער.

### 4. צו־וואָס צוויי־פּנימדיקייט קען דערפירן

צוזאַמען מיט מק״י און סנה'ס פראַקציע פסל'ט מפ״מ די ישראל־רעגירונג צוליב „פאַרשקלאַפונג צום מערב״, דאָס אַנעמען די הלואה פון דער עקספּאָרט־ און אימפּ־אָרט־באַנק, די סובסידיע, דער פּונקט 4 — דאָס אַלץ זיינען סימנים פון „פאַרשקלאַפונג צום מערב״, וואָס מפ״מ טרייסלט זיך אָפּ פון דעם, נישט אָפּזאָגנדיק זיך דערביי פון די פּרוכטן פון דער „פאַרשקלאַפונג״. לאָמיר־זשע אויף אַ מאָמענט אָנעמען, אַז עס איז טאַקע פאַראַן אַ „אַ פאַרשקלאַפונג צום מערב״ — וואָס האָט דאָס צו טאָן מיטן איבע־רייס פון באַציאונגען? ראַטנפאַרבאַנד האָט דאָך נישט איבערגעריסן די באַציאונגען מיטן „פאַרשקלאַפער״ זעלבסט, טאָ פאַרוואָס איז געוואָרן אויסגעגאָסן דער גאַנצער צאָרן אויף דעם „פאַרשקלאַפטן״ נעבעך?

עס זיינען פאַראַן אַ סך מדינות וואָס האַלטן, אַז אַלע לענדער פון דער „פאָלקס־דעמאָקראַטיע״ זיינען אַבסאָלוט פאַרשקלאַפט דעם ראַטנפאַרבאַנד, און אַז דער קרעמל הערשט איבער זיי מיט אַן אַבסאָלוטער מאַכט, נישט ווייניקער, ווי ער הערשט אין ראַטנפאַרבאַנד גופא, און אין ליטע, לעטלאַנד און עסטאָניע, וועלכע זיינען אָנגעשלאָסן געוואָרן פאַרמעל צו ראַטנפאַרבאַנד. האָבן דען די לענדער, וואָס מיינען אַזוי, — איבערגעריסן זייערע באַציאונגען מיט די לענדער פון דער „פאָלקס־דעמאָקראַטיע״?

לאָמיר, אָנעמען, אַז ישראל — צוליב אַ ריכטיקן אָדער נישט־ריכטיקן חשבון, — האָט זיך אָנגעשלאָסן צו די מערב־לענדער, וועלכע האָבן איינגעפירט ביי זיך אַ דעמאָקראַטישן רעזשים, וואָס איז ענלעך צום רעזשים אין ישראל, — פאַרוואָס טאָר זי עס נישט טאָן — פונם שטאַנדפּונקט פון באַציאונגען מיט ראַטנפאַרבאַנד? פאַרוואָס איז דאָס דערלויבט די לענדער ווי לוקסעמבורג, בעלגיע, איסלאַנד, דענעמאַרק?

פאַרוואָס דאַרף ראַטנפאַרבאַנד שטראָפן צוליב דעם — אַפילו ווען עס איז טאַקע אַזוי — דווקא מדינת ישראל?

דער בירגער אין ישראל, די פאַרטייען אין ישראל, האָבן דאָס רעכט צו זיין קעגן אַזאַ אָנשליסונג, אויב זי עקזיסטירט. ער האָט דאָס רעכט צו פאָדערן אַ נישט־אָנשליסונג, אָן אָנשליסונג צו ראַטנפאַרבאַנד, אָדער צו שאַפן אַ רעזשים פון אַ „פאָלקס־דעמאָקראַטיע", לויט ווי עס פאָדערן מפ"מ, מק"י און סנה'ס פראַקציע. דאָס איז זייער בירגער־רעכט, — און עס קען אויך זיין אַן אַנדער בירגער, וואָס איז קעגן דעם און צו זען דערין אַ ליקווידאַציע פון דער ציוניסטישער מיסיע פון דער מדינה. אָבער וואָס אינטערעסירט ראַטנפאַרבאַנד די פּאָליטישע אָריענטאַציע פון מדינת ישראל? וואָס איז זיין רעכט איבערצורייסן די דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען דווקא מיט איר, ווען זי טוט דאָס נישט לגבי אַנדערע מדינות, וואָס האָבן דעמזעלבן דעמאָקראַטישן רעזשים און די זעלבע דעמאָקראַטישע גייגונגען, ווי עס הערשן אין ישראל?

מק"י'ס און סנה'ס פראַקציע הילן זיך נישט איין אין אַ ציוניסטישן מאַנטל. און כאָטש, אין הסכם מיט די אָנווייזונגען פון קאָמינפאָרם, פרעדיקן זיי אַן „אמת'דיקע אומאָפּהענגיקייט" פון ישראל און אַן „אמת'דיקע דעמאָקראַטיע", און נישט אַזאַ ווי די וואָס פונקציאָנירט אין ישראל ביי דער רעגירונג פון די רעפאָרמיסטן און דער בורזשואַזיע. אָבער זיי זאָרגן דאָך נישט פאַרן אידישן פאָלק, וואָס עקזיסטירט נישט בכלל, לויט דער „קאָמוניסטישער" תורה, און נישט פאַרן ציוניזם וואָס איז פּסול אין זייערע אויגן אין זיין יסוד און מהות.

און עס איז נשיטאָ קיין שום סתירה צווישן דער באַציאונג פון מק"י צום אידישן פאָלק און צווישן זייער באַציאונג צו יעדער אַנדער פאָלק. ראַטנפאַרבאַנד האָט גוזר געווען אינטערנאַציאָנאַליזאַציע פון ירושלים — טאָ זאָל לעבן די אינטער־נאַציאָנאַליזאַציע! ראַטנפאַרבאַנד האָט צוליב געוויסע סיבות געענדערט די מיינונג, — און די אינטערנאַציאָנאַליזאַציע פון ירושלים איז שוין נאָר אַן אימפּעריאַליסטישער טריק צו העצן פאַר מלחמה.

מפ"ם קען נישט גיין אין די וועגן פון מק"י און סנה'ס פראַקציע, טראָץ דעם וואָס זי איז „אַן אינטעגראַלער טייל פון דער וועלט פון רעוואָלוציע". זיי זיינען גרייט צו באַשמוצן דעם אומאָפּהענגיקן טיטאָ, וועלכער אָנערקענט נישט סטאַלינ'ס הערשאַפט איבער אים, — אָבער זיי האַלטן פאַר זייער חוב צו זיין אַפילו קעגן סטאַלינען, אויב זיינע משפטים רירן אָן זייער חבר אורן. וויאַזוי קענען זיי פאַרטייטשן זייער בלינד פאַרשווייגן די כסדר'דיקע פיינטשאַפט פון ראַטנפאַרבאַנד צום אידישן פאָלק, אַלס אַ פאָלק און צו זיין באַפרייאונגס־באַוועגונג, און זיי זעען נישט איין אין אַלץ וואָס עס איז לעצטנס געשען אין פּראַג, אין מאָסקווע און אינם איבעררייס פון די באַציאונגען, אַ לאָגישן המשך פון דערדאָזיקער כסדר'דיקער פיינטשאַפט?

נישט די כנסת האָט אויסגעדריקט אומצופרידנקייט צו דער ישראל־רעגירונג, ווי עס האָט פאָרגעשלאָגן בנטוב אין נאָמען פון מפ"מ, נאָר דאָס אידישע פאָלק און זיין אַרבעטערשאַפט, וועלכע זיינען פאַרטרעטן אין כנסת, קוקן מיט אומצופרידנקייט, מיט שטוינען און זאָרג אויף דער קאָמפּראָמיטירנדיקער אויפפירונג פון מפ"מ, וואָס ווערט אָנגעפירט דורכן „השומר הצעיר".

די געשעענישן אין פּראַג און אין מאָסקווע און די ר׳עאַגירונג פון „השומר הצעיר״ האָבן מיט אכזריות׳דיקער קלאָרקייט באַוויזן די אידעאישע און מאָראַלישע אומקאָנסעקווענטקייט און צוויי־פּנים׳דיקייט פון דער אינערלעך־צעריסענער און זיך צעפּאַלנדיקער „פאַרייניקטער אַרבעטער פּאַרטיי״, ווייל עס האָט זיך אַ וואַקל געטאָן סיי איר ציוניסטישער פונדאַמענט און סיי אויך איר סאָציאַליסטישע באַזע.

## ו. אויפן וועג צו פּאַראַט

„דער פּרעמיער מיניסטער האָט ציטירט באַשלוסן פון אונזער קאָנפערענץ. ער האָט ציטירט, אַז „מיר וועלן בלייבן געטריי סיי אין שלום־צייט און סיי אין מלחמה־צייט דעם ראַטנ־פאַרבאַנד״. ער האָט ציטירט, אַז „די אַרבעטער, די זעלנער און די אינטעליגענץ אין ישראל, וועלן קיינמאָל נישט קעמפן קעגן ראַטנפאַרבאַנד״. ער האָט ציטירט ריכטיק. אַזוי האָבן מיר באַשלאָסן און מיר וועלן עס אויספירן״.
(יעקב ריפטין, אין כנסת, 4.11.51).

„אַלס ענטפער אויף שעכטער׳ס פראַגע (אויף דעם הסתדרות־ראַט) וועגן דער באַציאונג צו ראַטנפאַרבאַנד, האָט ריפטין דער־קלערט: די ישראל׳דיקע אַראַבעטערשאַפט וועט נישט קעמפן קעגן דעם פאָטערלאַנד פון זיך פאַרווירקלעכנדן סאָציאַליזם״.
(„על המשמר״, 31.10.52).

„מיר וועלן שטיין אָן אָפּהאַלט אויף דער זייט פון די לענדער פון סאָציאַליזם און די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס — אין דער פאַר־טיידיקונג קעגן אינערלעכע און אויסערלעכע שונאים״.
(פון די באַשלוסן פון מפ״מ־ראַט, דעם 25.12.52).

1. די גרונט־פּרינציפּן פאַר יעדן ציוניסט און חלוצישער ציוניזם

דריי גרונט־פּרינציפּן זיינען דער פּרוווּ־שטיין פאַר יעדן ציוניסט: דער פּרינציפּ פון איינִיקייט פון אידישן פאָלק און זיין רעכט אויף זעלבסטבאַשטימונג; דער פּרינציפּ פון קיבוץ גלויות און די רעכט פון יעדן איד צו פאַרלאָזן דעם גלות און זיך אומצוקערן אין זיין היימלאַנד; דער פּרינציפּ פון דער אומאָפּהענגיקייט פון מדינת ישראל און איר זיכערקייט.

די דאָזיקע דריי פּרינציפּן פּילן נישט אויס דעם גאַנצן אינהאַלט פונם ציוניזם — פּונקט ווי יעדע באַוועגונג פון אַ פרייַ פאָלק האָט זי נישט קיין אויספירלעכן, פאַר־פליכטנדן און דאָגמאַטישן „שולחן ערוך״, און עס זיינען פאַראַן פאַרשידענע טענדענצן און אויפאַסונגען, נישט נאָר אין פּרטים, נאָר אויך אין פונדאַמענטאַלע ענינים. דער וועזנטלעכער גרונט־אונטערשיד אין דער ציוניסטישער אויפאַסונג, וואָס איז נישט אַנטשיידעט געוואָרן און וואָס קען נישט אַנטשיידעט ווערן דורך קיין שום אָפיציעלן

אָרגאַן איז: צי פאַרפליכטעט דער ציוניזם צו פּערזענלעכער פאַרווירק־
לעכונג, אָדער נישט; אָדער מיט אַנדערע ווערטער: — צי איז דער חלוצישער
ציוניזם אַ חוב, אָדער אַ פרייער ווילן.

דער מקור און די באַזע פון דער ישראל׳דיקער אַרבעטער־באַוועגונג איז די
רעוואָלוציאָנערע ווענדונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער ציוניסטישער אויפפאַסונג
ביי עטלעכע פון אירע ערשטע טוער און איז געוואָרן דער גרונט־ און הויפּט־פּרינציפּ
פון דער צווייטער עליה און פון אירע געטרייע פאָרזעצער: אַז דער ציוניזם איז נישט
אַ וועלט־אויפפאַסונג און אַ פּראָגראַם בלויז פאַר דער צוקונפט, — וואָס פאַרפליכטעט
נישט זיינע מיטגלידער צו אַ לעבנס־ענדערונג; נאָר, אַז עס איז נישטאָ קיין
ציוניזם אָן זעלבסטפאַרווירקלעכונג, און דער ציוניזם הויבט זיך אָן
מיטן קומען קיין ארץ־ישראל און מיט דער פולער און גאַנצער אידענטיפיצירונג, אָן
באַדינגונגען און אָן באַגרעניצונגען, מיט די פאַרווירקלעכונגס־באַדערפנישן פון
לאַנד. דאָס הייסט, אַז ציוניזם איז דער טייטש, — אַרבעט און אויפבוי פונם לאַנד
דורך באַפרוכפּערן די וויסטעניש, דורך שאַפן די העברעאישע קולטור, דורך
העברעאישע שפּראַך און דערציאונג, דורך שמירה און פאַרטיידיקונג, דורך אומדער־
מידלעכער און אומאָפּהאַלטבאַרער דראַנגפולער טעטיקייט פאַר אידישער אומאָפּ־
הענגיקייט, פאַר אומאָפּהענגיקייט און ווירטשאַפט, אין פּאָליטיק אין קולטור, אין
געדאַנק און אין דעם אויפבוי פון דער אידישער געזעלשאַפט אויפן יסוד פון די
מאָראַלישע גרונט־ווערטן פון דער אידישער נבואה, וועלכע טראָגט אין זיך די מיסיע
פון אידישע און מענטשלעכע באַפרייאונג, פאַרן אידישן פאָלק און פאַר די פעלקער
פון דער גאַנצער וועלט. דאָס באַדייט, אַן אַרבעטס־געזעלשאַפט, געבויט אויף אַ
לעבן פון יושר, ברידערלעכקייט, פרייהייט, שלום און ברידערלעכע הילף, אַ לעבן אָן
אויסנוצער, אונטערדריקונג, דיסקרימינירונג און עקספּלאָאַטאַציע, אַ לעבן וואָס איז
באַגרינדעט אויפן גרויסן געבאָט פון אידנטום: ואהבת לרעך כמוך", וואָס די וויסנ־
שאַפטלער אין אונזער צייט רופן עס מיטן נאָמען סאָציאַליזם.

דער אָפיציעלער, קאָנגרעסיסטישער, ציוניזם שטעלט נישט קיין באַדינג, אַז
כדי צו ווערן אַ מיטגליד אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, מוז מען בעמען אויף
זיך פּערזענלעך דעם עול פון מצוות פון חלוצישן ציוניזם, דעם ציוניזם פון זעלבסט־
פאַרווירקלעכונג, וואָס איז געבויט אויף אידישע און מענטשלעכע גאולה־איינהאַלטן.
עס איז פאַראַן אַ טעם דערביי, אפשר אַ נישט־גענוגנדיקער פון וועזנטלעכן און
מאָראַלישן שטאַנדפּונקט, אָבער פּראַקטיש גענומען איז ער, אין אַ גרויסער מאָס,
פאַרשטענדלעך און באַרעכטיקט. די באַגרענצונג פון ציוניסטישער מיטגלידערשאַפט
בלויז פאַר ציוניסטן פון פּערזענלעכער פאַרווירקלעכונג, וואָלט צוגענומען ביי דער
ציוניסטישער באַוועגונג די מעגלעכקייט פון זיין אַ פאָלקס־באַוועגונג, און וואָס נאָך
ערגער, — זי וואָלט איבערגעלאָזט דאָס אידנטום אין די תפוצות אָן אַ פירנדיקער און
אָן אַ דערציערישער באַוועגונג, וואָס אירע טענדענצן און אויפאַסונגען זיינען ציוניס־
טישע און דעריבער פאַרפליכטעט נישט דער אָפיציעלער ציוניזם צום חלוצישן פּרינציפּ
— וועלכער איז נישט ווייניקער וויכטיק און וועזנטלעך פון די אַלע איבעריקע, אויבן
אויסגערעכנטע פּרינציפּן, אַלס גרונט־פּרינציפּן, וועלכע פאַרפליכטן יעדן איינ־
ציקן ציוניסט.

מען מוז אָבער אונטערשטרייכן: „חלוצישער ציוניזם״ האָט קיין האַפט נישט און ער איז נישט ציוניזם און נישט חלוציזם, אויב ער איז נישט געבויט אויף די דריי גרונט־פּרינציפּן, וואָס זיינען דערמאָנט געוואָרן אין אָנהויב פון דעם אַרטיקל. אַ מענטש, וואָס לעבט און אַרבעט אין לאַנד, רעדט העברעאיש, זיצט אין אַ דאָרף, אָדער אין נגב, אָדער אין די גרעניץ־געביטן — קען זיין אַ ציוניסט, און ער קען אויך זיין נישט קיין ציוניסט, און אַפילו, אַן אויסגעשפּראָכענער און געפערלעכער אַנטי־ציוניסט, אויב ער אָנערקענט נישט די אייניקייט פון אידישן פאָלק, אויב ער בעגירט די זעלבסטבאַשטימונגס־רעכט פון אידן אַלס אידן און אַלס נאַציאָנאַלער קיבוץ, אויב ער אָנערקענט נישט די רעכט פון יעדן איד צו פאַרלאָזן דעם גלות און קומען קיין ישראל, און אויב ער באַהעפט זיך נישט צו דער ישראל־אָפּהענגיקייט און איז נישט געטריי מיט לייב און לעבן דער זיכערקייט פון דער מדינה. און נישט אומזיסט שליסט אויס דער קיבוץ המאוחד חברים פון איינעם פון זיינע קיבוצים, כאָטש זיי זיינען מקיים אַלע געבאָטן פון חלוציזם, אָבער זיי אָנערקענען נישט די נאַציאָנאַלע פּרינציפּן פונם ציוניזם.

דער חלוצישער ציוניזם באַפרידיקט זיך נישט מיט אַן אַבסטראַקטער אויפפאַסונג, ווען אַפילו אַ ריכטיקע אויפפאַסונג, און פאַרלאַנגט פון זיינע טרעגער צו לעבן לויט די פּרינציפּן פון דער אויפפאַסונג און זיי פאַרווירקלעכן אין זייער פּערזענלעך לעבן. אָבער ווער עס זאָגט, אַז אַ ציוניסט און חלוץ איז אַ מענטש, וואָס לעבט פון אַרבעט אין לאַנד, אַפילו, ווען ער אַרבעט אין אילת אָדער אין עין־גדי אַלס ערד־אַרבעטער, — נאָר ער גלויבט נישט דערביי אין דער אייניקייט פון פאָלק, אין זיין אומאָפּהענגיקייט, אין זיין רעכט אויף זעלבסטבאַשטימונג און עליה קיין ארץ־ישראל, און איז נישט געטריי דער אומאָפּהענגיקייט פון מדינת ישראל און איר זיכערקייט — דער פאַרדרייט און פעלשט דעם אינהאַלט פון חלוצישן ציוניזם און פאַרשוועכט זיין נאָמען.

נאָך דערדאָזיקער גרינטלעכער און אַנטשיידנדער פעסטשטעלונג לאָמער פּרווון באַלכקאָנטראָלירן, וואָס איז דער ממשות׳דיקער, אמת׳דיקער אינהאַלט פון דעם „חלוצישן ציוניזם״ פון וועלכן עס האַלט דער „השומר הצעיר״ און וויאַזוי „סינטעזירט״ ער אים מיט „זיין אינטעגראַלער אָנגעהעריקייט צו דער וועלט פון רעוואָלוציע אין שפּיץ פון וועלכער עס שטייט ראַטנפאַרבאַנד״. ווייל דער „השומר הצעיר״ באַרימט זיך און האַלט זיך גרויס מיט דעם, וואָס נישט בלויז וואָס ער איז דער הויפּט־טרעגער, אויב נישט דער איינציקער, פון חלוצישן ציוניזם (ער איז אפשר גרייט, אין אַ ברויטיקן מאָמענט, אַריינרעכענען אויך די איבעריקע חברים פון מפ״מ אין דעמדאָזיקן מאָנאָ־פּאָל), נאָר ער איז אויך דער איינציקער טרעגער פון דעם געטרייען און פולן סינטעז פון חלוצישן ציוניזם מיטן „רעוואָלוציאָנערן״ סאָציאַליזם, דאָס הייסט, מיטן סטאַלי־ניסטישן קאָמוניזם, און דאָס הייסט אויך, אַז נישט ער האַלט פון חלוצישן ציוניזם באַזונדער און פון סטאַליניזם באַזונדער, נאָר ער באַזירט זיין גאַנצע ציוניסטישע אויפפאַסונג אויפן ריינעם סטאַליניזם, און זיין גאַנצע סטאַליניסטישע אויפפאַסונג אויפן ריינעם חלוצישן ציוניזם. און מען טאָר נישט פונאַנדערשיידן אָט דעם צווילינג.

אין די פריערדיקע אַרטיקלען איז שוין אויפגעקלערט געוואָרן דער אופן פון דער אייגנאַרטיקער, „אָריגינעלער״ און צוויי׳פּנים׳דיקער „איינגלידערונג״ פון השומר הצעיר אין דער „וועלט פון רעוואָלוציע״.

דער „השומר הצעיר" נעמט אָן, אָן שום אָפּפרעג, סלאַנסקי׳ס פּאַראורטיילונג אַלס פאַרעטער און שפּיאָן, כאָטש ער ווייסט, פּונקט ווי יעדער פון אונז, אַז סלאַנסקי האָט אַדורכגעפירט אין טשעכאָסלאָוואַקיע די ליניע און דעם באַפעל פונם קרעמל, מיט דער געטריישאַפט פון אַ הונט, און אַז ער איז געטויט געוואָרן בלויז צוליב דעם, וואָס די אַרבעטער־מאַסן אין טשעכאָסלאָוואַקיע (דער גרעסטער טייל אַרבעטער־קאָמוניסטן) האָבן זיך קעגנגעשטעלט דערדאָזיקער ליניע, ווייל זי האָט פון זיי אָוועק־גערויבט יעדע מענטשלעכע רעכט, געצוואונגען זיי צו אַרבעטן איבער די כוחות און אַראָפּגענידערט זייער לעבן־סטאַנדאַרד לטובת דער רוסישער ווירטשאַפט. און דער קרעמל האָט געפונען פּאַר נויטיק, פּונקט ווי אין אַנדערע ענלעכע פאַלן, מקריב צו זיין אַלס שעיר לעזאזל, זיינע געטרייע דינער, פּונקט ווי זיי, די באַפעלן־אויספירער און ניט די באַפעלן־געבער, וואָלטן געווען שולדיק אינם דורכפאַל פונם רעזשים. דאָס אָנשליסן זיך אין דער „וועלט פון רעוואָלוציע" פאַרפליכטעט דעם „השומר הצעיר" אָנצונעמען באהבה יעדע אומגערעכטע האַנדלונג און יעדע יוסטיץ־פעלשונג, וואָס ווערן געמאַכט — לגבי אַנדערע, אָבער ער האַלט זיך ניט פאַר פאַרפליכטעט אָנצונעמען דעם דין, ווען דערדאָזיקער דין־צדק טרעפט, צופעליק, זיינע אייגענע חברים.

2. דער „סינטעז" פון „השומר הצעיר" — זאָגן דעם היפך פון דעם וואָס עס איז

דאָסמאָל וועלן מיר פּרוּוון זיך אָפּשטעלן אויף דעם, וויאַזוי דער „השומר הצעיר" „סינטעזירט" זיין ציוניזם מיטן „רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם" — ווייל אויף אָט דער „סינטעזירונג" שטיצט זיך די „אָריגינעלע" תורה פון „השומר הצעיר".

אין די לעצטע דרייסיק יאָר זיינען מיר צוגעוווינט געוואָרן צו אַ נייעם חיתוך הדיבור מצד דער „וועלט פון רעוואָלוציע", צו אַ מין סגי־נהור־סטיל, וואָס זיין אמת׳ער אינהאַלט איז פּונקט דער היפך פון זיין אָנגענומענעם טייטש. אין לענינס צייט האָבן מיר געוואוסט, אַז די באָלשעוויקעס זיינען קעגן דער דעמאָקראַטיע, און זיי האַלטן אָפן, און מיט אַ שטאַרקער אונטערשטרייכונג — פון דער דיקטאַטור פון דער באָלשע־וויסטישער פאַרטיי. פון זינט דער צווייטער וועלט־מלחמה, בעת וועלכער סטאַלין האָט זיך גענויטיקט אין דער הילף פון די מערב־דעמאָקראַטיעס, און בעיקר, אין דער הילף פון אַמעריקע, כדי צו פאַרטיידיקן רוסלאַנד קעגן די אָנגריפן פון זיין פריערדיקן פאַרבינדעטן אַדאָלף היטלער — האָבן זיך לענינס יורשים אָנגעהויבן צו באַנוצן מיט אַ נייער טערמינאָלאָגיע און מיט נייע אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַמען, וואָס זיינען אָנגע־נומען פאַרן אויער פונם מערב. עס איז ליקווידירט געוואָרן דער קאָמאינטערן, מען האָט בכלל אויפגעהערט צו רעדן וועגן דער דיקטאַטור פון „פּראָלעטאַריאַט", און אָנשטאָט דעם האָבן זיי אָנגעהויבן צו האַלטן פון דעמאָקראַטיע, און זיי האָבן זיך ניט באַגנוגנט מיט דעמדאָזיקן פּאָפּולערן גריכישן טערמין, וואָס איז טייטש „די הערשאַפט פון פאָלק", נאָר, כדי עס נאָך מער אונטערצושטרייכן, האָבן זיי אויס־געפונען אַ נייעם טאַוטאָלאָגישן (איבער׳חזר׳ונגס־לשון) טערמין פון „פאָלקס־דעמאָ־קראַטיע", דאָס הייסט, „פאָלקס־הערשאַפט פון פאָלק", — ווי עס פּאַסט פאַר חוזר־בתשובה׳ניקעס, וואָס שטייגן איבער אין זייער פרומקייט די גרעסטע צדיקים. יעדעס קינד ווייסט, איז אין די לענדער, וועלכע זיינען אונטערגעוואָרפן ראַטנפאַרבאַנד,

הערשט אַ דיקטאַטור פון איין פּאַרטיי, פּונקט ווי אין ראַטנפאַרבאַנד גופא, און אויך אין דערדאָזיקער פּאַרטיי, ווי אין דער פאַרטיי אין ראַטנפאַרבאַנד, אַפילו אין איר אייגענער ראַם, איז נישטאָ קיין שאָטן פון דעמאָקראַטיע, פון פרייהייט פון דיסקוסיע און געדאַנק, נאָר זי איז אונטערגעוואָרפן דער רוט און דעם חסד פונם „אוקאַז״ (באַפעל) פון די קרעמל־הערשער, אָבער די טערמינען פון דער דיקטאַטור זיינען באַהאַלטן און געפּסל׳ט געוואָרן און זיי זיינען פאַרטוישט געוואָרן אויף טערמינען פון „פאָלקס־דעמאָקראַטיע״.

די גאַנצע וועלט האָט, ביז סטאַלינס צייטן, אויך געוואוסט אונטערצושיידן צווישן די קעגנזעצלעכע באַגריפן פון דעראָבערונג און באַפרייאונג. ווען די קאַפּיטאַ־ליסטישע ענגלאַנד האָט באַהערשט אינדיע, אָדער די צאַרישע רוסלאַנד — טורקעסטאַן און קאַווקאַז און פּוילן און אַנדערע לענדער אין אייראָפּע און אין אַזיע, האָט די גאַנצע וועלט אָנגערופן דעמדאָזיקן טאַט — דעראָבערונג. אמת, ענגלאַנד האָט גע׳טענה׳עט, אַז איר הערשאַפט גיט אינדיע אייראָפּעאישע קולטור, וויכטיקע באַוואַסערונג־ווערק, וואָס די אינדיער זעלבסט זיינען נישט מסוגל געווען זיי איינצופירן, אַז זי עפנט עלעמענטאַרע, מיטעלע און הויך־שולן, וועלכע האָבן דאָרט פריער נישט עקזיסטירט, נעמט אין שוץ די אינדישע פרוי קעגן די באַרבאַרישע מנהגים פון פאַרברענען אלמנות נאָכן טויט פונם מאַן און ענלעכע זאַכן. און כאָטש נישט ווייניק אמת איז געווען אין דידאָזיקע ווערטער, האָט די גאַנצע וועלט דאָך אָנגערופן די ענגלישע הערשאַפט אין אינדיע, דעראָבערונג. אַזוי איז געווען לגבי דער הערשאַפט פון דעם צאַר אין פּוילן, אין קאַווקאַז, אין חיבא, אין בוכאַרא, אין טורקעסטאַן, אין די באַלטישע לענדער, אין פינלאַנד, און אין נאָך און נאָך.

ווען די אַרבעטער־רעגירונג אין ענגלאַנד האָט, נאָכן סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, באַשלאָסן אַוועקצוציִען פון אינדיע און פון בורמאַ און צו געבן דידאָזיקע לענדער אומאָפּהענגיקייט און סוווערעניטעט — האָט זי עס אנגערופן באַפרייאונג פון אינדיע און בורמאַ. און עס איז געווען אַ קלאָרער און וועזנטלעכער אונטערשייד, אַן אונטערשייד פון קעגנזאַץ און סתירה, צווישן די באַגריפן דעראָבערונג און באַ־פרייאונג.

אין סטאַלינס שול איז באַנייט געוואָרן אַ וויכטיקער טערמינאָלאָגישער געזעץ. דער דעראָבערונג פון ליטע, לעטלאַנד, עסטאָניע, דורך ראַטנפאַרבאַנד, און זייער אַבסאָלוטער פאַרשקלאַפונג צו דער מאַכט אין קרעמל, איז געגעבן געוואָרן אַ פּרעכ־טיקער נאָמען, — די „באַפרייאונג״ פון די פעלקער פון ליטע, לעטלאַנד און עסטאָניע, און אַזוי אויך לגבי דער פאַרמאַסקירטער דעראָבערונג פון פּוילן, רומעניע, אונגאַרן, בולגאַריע און טשעכאָסלאָוואַקיע דורך דער „רויטער״ אַרמיי. אין אונזער צייט האָבן די ווערטער דעראָבערונג און באַפרייאונג פאַרלוירן — ביי די קאָמוניסטן — דעם אָנגענומענעם טייטש, און דער אמת׳דיקער באַדייט פון דידאָזיקע טערמינען איז אָפּהענגיק פון דעם, ווער עס באַנוצט זיך מיט זיי. אויב די רוסן דעראָבערן — איז דאָס „באַפרייאונג״, און ווען די הערשער פון קרעמל פּראָקלאַמירן „באַפרייאונג״ דורך דער רוסישער אַרמיי, דאַרף מען דאָס פאַרשטיין, לויטן אַלטן ווערטער־בוך, ווי עס איז אָנגענומען צווישן אַלע מענטשן, אַז זיי טראַכטן וועגן אַ זאַך, וואָס אין דער געוויינלעך מענטשלעכער שפּראַך ווערט עס אָנגערופן מיטן נאָמען דעראָבערונג.

דידאַקטיקע „רעוואָלוציע״ אינם באַדייט פון די ווערטער, רופט מען אין העברעאיש סגי־נהור־שפּראַך. דער אונטערשיד איז נאָר דער, וואָס אין העברעאיש האָט מען אַ נאָמען געגעבן די מענטשן, וואָס ביי זיי איז צוגעקומען געוואָרן די ראיה, אַ נאָמען וואָס איז אַ קעגנזאַץ צום אמת׳דיקן אינהאַלט — צוליב כבוד צום בלינדן, אַנשטאָט צו באַצייכענען דעם שווערן פעלער, וואָס איז אים געקומען פון דער נאַטור — רופט מען אים אויף אַראַמיש סגי־נהור (דער מיט אַ סך ליכט); אָבער די פאַרדרייאונג פונם אָנגענומענעם טייטש פון די פּאָליטישע טערמינען איז געמאַכט געוואָרן דורך די הערשער פון קרעמל נישט צוליב כבוד צום מענטש, נאָר צוליב אַ קלאָרן און דורכזיכטיקן פּאָליטישן ציל, צו פאַרבלענדן די אויגן און אַריינפירן אין אַ טעות די מענטשן, אינעווייניק און דרויסן, אין רוסלאַנד און אין אויסלאַנד. די „קאָמוניסטישע רעוואָלוציע״, וואָס איז געמאַכט געוואָרן דורכן סטאַליניזם, איז בעיקר באַשטאַנען אין פאַרדרייען דעם אמת׳דיקן באַדייט פון די יסודות׳דיקע פּאָליטישע און סאָציאַלע טערמינען. די פאַשיסטישע טיראַניע אין לאַנד הייסט ביי זיי קאָמוניזם, דערזעלבער „קאָמוניסטישער״ רעזשים אין יוגאָסלאַוויע הייסט ביי זיי פאַשיזם. די באָלשעוויסטישע דיקטאַטור הייסט ביי זיי „פאָלקס־דעמאָקראַטיע״, און יעדן איינעם, וואָס וויל זיך נישט אונטערוואַרפן דעם יאָך פון דעם קרעמל — רופן זיי פאַרעטער, שפּיאָן און מלחמה־העצער.

די מאָסקווער אַגענטן אין כנסת און אין אידישן פאָלק רעדן וועגן „אמת׳ער אומאָפּהענגיקייט״, וואָס איר אייגנטלעכע כוונה איז — אַבסאָלוטע אונטערוואַרפונג פון מדינת ישראל צום קרעמל. זיי פאָדערן אין ישראל „נייטראַליטעט״, וואָס איר ממשות׳דיקער טייטש איז אַ דיקטירטע פּאָליטיק דורכן קאָמאינפאָרם; זיי באַפעלקן און שטעמפּלען אַלס „פאַרשקלאַפונג״ די ישראל׳דיקע פּאָליטיק, וואָס שטרעבט צו באַפרידיקן די יסודות׳דיקע באַדערפנישן פון מדינת ישראל אינם אויפבוי פון לאַנד און זיין פאַרטיידיקונג. זיין רופן צו שאַפן אַ „פּאַראייניקטן אַרבעטער פראָנט״, וואָס איז געמיינט אַ פראָנט, וואָס זאָל טאָן דעם רצון פון מק״י און דעם קאָמאינפאָרם; זיי אָרגאַניזירן אַ „שלום־באַוועגונג״, וועלכע איז אויסן צו פאַרמאַסקירן די טענדענצן פון וועלט־באַהערשונג דורך רוסלאַנד און צו פאַרדעקן די גראַנדיעזע באַוואָפנונגס־אָנשטרענגונגען, וואָס ווערן געמאַכט אין ראַטנפאַרבאַנד און אין די איר אונטערגע־וואָרפענע לענדער, און ענלעכע זאַכן.

און מען דאַרף קלאָר מאַכן, צי באַנוצט זיך נישט אויך דער „השומר הצעיר״ מיטן טערמין „סינטעז״, ווי אַ פאַרמאַסקירונג פאַר דערדאַזיקער „סתירה״, די אונז באַקאַנטע „טראַגישע סתירה״ נאָך פון די יונגע יאָרן פון „השומר הצעיר״, די סתירה, וואָס האָט עקזיסטירט אין די מוחות פון די „השומר הצעיר״־פירער צווישן ציוניזם און צווישן סאָציאַליזם און וועלכע עקזיסטירט היינט אין דערווירקלעכקייט צווישן דעם פּראַקטישן חלוצישן ציוניזם און צווישן דעם, וואָס דער „השומר הצעיר״ רופט דער „רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם״. די אָפּגרונט־טיפע סתירה, וואָס דער „השומר הצעיר״ איז נישט מסוגל, אָדער וואַגט נישט צו אָנערקענען, נישט אין געדאַנק און נישט אין וואָרט. מען דאַרף קלאָר מאַכן צי איז נישט דער „סינטעז״ איינע פון די טערמינען פון דעם סגי־נהור־לשון אין דער „וועלט פון רעוואָלוציע״. אין דעם פאַל האָבן מיר גאָרנישט קעגן דעם באַנוצן זיך מיט אים, כאָטש אויף אונז ליגט די פליכט

אויפצוקלערן און צו אַקצענטירן, אַז דער „השומר הצעיר״ פּאַרפירט אַ סך פון דער יוגנט, וואָס ווערט דורך אים דערצויגן און אַנגעפירט און זי נעמט אויף מיט איר באַאיווקייט די ווערטער אַזוי ווי זיי זיינען, לויט דער אַנגענומענער אויסטייטשונג. דער „השומר הצעיר״ פּאַרפירט אויך, באַוואוסטזיניק אָדער אומבאַוואונסטזיניק, בייז־וויליק אָדער צופעליק, די אידישע געזעלשאַפטלעכע מיינונג, די ישראל׳דיקע אַרבע־טערשאַפט און אויך זיינע אייגענע חברים, וועלכע קענען נישט קלאָר די ראַפינירטע, סטראַטעגישע קאָמבינאַציעס פון דער „וועלט פון רעוואָלוציע״. אַ סך יוגנטלעכע, וועלכע וואו׳ן דערצויגן דורכן „השומר הצעיר״, זיינען נאָך געוואוינט אָנצורופן ליכט — ליכט, נאַכט — נאַכט, פרייהייט — פרייהייט און פאַרשקלאַפונג — פאַרשקלאַפונג, און נישט פאַרקערט; די „וועלט פון רעוואָלוציע״, וועלכע פעלשט דעם אַנגענומענעם טייטש פון די טערמינען איז זיך נישט מודה אין דעם עפנטלעך, כאָטש אירע געטרייע און אינערלעכע פאַרטרויאונגס־מענער ווייסן, אַז דאָס איז נישט מער, ווי סגי־נהור־שפּראַך.

דער „השומר הצעיר״ וויל, אַז דאָס אידישע פאָלק, די ישראל׳דיקע אַרבעטער־שאַפט און די יוגנט זאָלן אים גלויבן, אַז אים איז פאַקטיש געלונגען צו „סינטעזירן״ דעם חלוצישן ציוניזם מיטן „רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם״, פּונקט ווי ער איז פאַר־קערפּערט אין דער וועלט, וואָס ראַטנפאַרבאַנד שטייט אין זיין שפּיץ, און וואָס „השומר הצעיר״ איז „אַן אינטעגראַלער טייל פון אים״, אויך נאָך די פּראַגער פּראָצעסן און די פאַרעפנטלעכונגען אין מאָסקווע. דאַרף מען דעריבער קאָנטראָלירן און אויפ־דעקן דעם אינהאַלט און דעם אמת פון דעמדאָזיקן „סינטעז״.

### 3. „מה יפית״ — קריכערישקייט פון „השומר הצעיר״

מיר וועלן אָנהויבן מיט אַ קליינעם, אָבער אַ כאַראַקטעריסטישן פּרט, ווייל אין אַ קליינעם טראָפּן וואַסער, קען מען געפינען כמעט אַלץ וואָס עס געפינט זיך אין אַ גרויסן ים. און דער פּרט איז — דאָס געזעגענען זיך פון אידן מיט דער ישראל־געזאַנדשאַפט אין מאָסקווע און מיט דער סאָוויעטישער געזאַנדשאַפט אין תל־אביב.

אין מאָסקווע געפינען זיך, לויט אַ מער אָדער ווייניקער ריכטיקער שאַצונג, אַ האַלבער מיליאָן אידן. מען דאַרף אָנעמען, אַז אַ טייל פון דידאָזיקע אידן איז אַבסאָלוט אַפּאַטיש לגבי זייער אידישקייט. אַ טייל פון זיי איז אפשר גרייט זיך צו אַסימילירן און אויסמישן זיך מיטן הערשנדן פאָלק, אָבער עס איז נישטאָ דער קלענסטער ספק, אַז עס זיינען פאַראַן אַ סך אידן אין מאָסקווע (צענדליקער טויזנטער אָדער הונדערטער טויזנטער? ווער ווייסט!), וואָס זייער האַרץ קלאַפּט אין איין ריטם מיטן האַרץ פון זייער פאָלק, און די פאַרשטייערשאַפט פון מדינת ישראל אין ראַטנפאַרבאַנד איז זיי טייער און ליב, נישט ווייניקער, ווי די רוסישע געזאַנדשאַפט איז ליב און טייער די חברים פון „השומר הצעיר״ אין ישראל.

נאָר ווער עס האָט נישט קיין שום אידיש און מענטשלעך געפיל, נאָר ווער עס פרעמדט זיך אָפּ פון די טיפסטע און אַנגעווייטיקסטע געפילן פון זיין פאָלק — דער וועט נישט אייַנזען דעם ווייטיק, דעם צער, דעם טרויער און די פאַר׳יתומ׳טקייט וואָס האָט אַרומגענומען אַ סך אידן אין מאָסקווע בעת׳ן גירוש פון דער אידישער געזאַנדשאַפט פון ראַטנפאַרבאַנד, און ווער קען אויסדריקן דעם טיפן טרויער און די

באַליידיקונג פון יענע מאַסן אידן אין רוסלאַנד, וועלכע האָבן געוואָלט באַגלייטן די פאָרשטייער פון זייער פאָלק און פון זייער היימלאַנדביים אַרויסשיקן זיי פון מאָסקווע און פון ראַטנפאַרבאַנד, און זיי האָבן עס נישט געוואַגט צו טאָן, ווייל דער איד האָט נישט אין דעם „היימלאַנד פון סאָציאַליזם" דאָס מענטשלעכע עלעמענטאַרע רעכט אויסצודריקן און באַווייזן זיינע אידישע געפילן. און פונקט ווי טויזנטער אידן פלעגן קומען אין שול אין מאָסקווע צו קוקן פון דער ווייטנס אויף דער פראַכט פון דעם יש־ראל׳דיקן אומאָפּהענגיקייט־סימבאָל און האָבן דאָך נישט געוואַגט צו דערנענטערן זיך צו די פאָרשטייער פון זייער פאָלק, און צו רעדן מיט זיי, און צו פרעגן זיי וואָס הערט זיך אין ישראל, און במשך 4½ יאָר פונם געפינען זיך פון אַ ישראל־געזאַנדשאַפט אין מאָסקווע, איז נישט דערלויבט געוואָרן דעם רוסישן אידנטום קיין שום קאָנטאַקט מיט די פאָרשטייער פון ישראל. און די ישראל־אַמבאַסאַדאָרן זיינען געווען פאַר׳משפּט צו טאַנטאַלוס־יסורים זעענדיק פון דערווייטנס מאַסן פון זייערע פאָלקס־ברידער און נישט קענענדיק קומען מיט זיי אין באַרירונג און זיי איבערגעבן די בשורה פון גאולה. אַזוי איז אויך אינם לעצטן מאָמענט ביי די טויזנטער אידן צוגערויבט געוואָרן דאָס רעכט אויסצודריקן זייערע ליבע־ און סימפּאַטיע־געפילן צו די ישראל־פאָרשטייער, וועלכע ווערן אַרויסגעיאָגט פון ראַטנפאַרבאַנד; די איינציקע באַגלייטער, וועלכע האָבן זיך געזעגנט מיט דער פולער דיפּלאָמאַטישער העפלעכקייט און אַרטיקייט, זיינען געווען די רוסישע פּראָטאָקאָל־באַאַמטע, וואָס האָבן באַגלייט די מיטגלידער פון דער אידישער געזאַנדשאַפט ביז דער גרעניץ. נישט אין מאָסקווע, און נישט אויף קיין שום סטאַציע אויפן וועג, און נישט אויף דער רוסישער גרעניץ, איז נישט דערלויבט געוואָרן קיין שום איד אַ פאָכע צו טאָן מיט דער האַנט, כדי אויסצודריקן פאַרערונג פאַר די שליחים פון דער אידישער אומאָפּהענגיקייט אין ישראל...

און די, וועלכע פּרעטענדירן צו זיין די חלוצים פון זייער פאָלק אין ישראל, פאַרמאָגן נישט דעם עלעמענטאַרן כבוד, צו באַטייליקן זיך אינם צער פון די טויזנטער אידן אין מאָסקווע און אין ראַטנפאַרבאַנד; די פירער פון השומר הצעיר האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיט דער אָפּיציעלער באַגלייטונג פונם ישראל׳דיקן פּראָטאָקאָל־אָפּיצער פאַר דער סאָוויעטישער געזאַנדשאַפט, וועלכע איז אָפּגערופן געוואָרן פון ישראל, אין אַ שטימונג פון באַשולדיקונג און פיינטשאַפט צום אידישן פאָלק און צו מדינת ישראל; ניין, אַלס אויסגעשפּראָכענע „מה־יפית׳ניקעס" האָבן די „רעוואָלוציאָ־נערן" דעמאָנסטרירט זייער קריכערישקייט לגבי דער מדינה, וועלכע האָט אַ שטויס געטאָן ישראל, געמאַכט בלבולים אויפן אידנטום און זעצט פאַר צו באַשמוצן די ציוניסטישע באַוועגונג, אַלע אירע טיילן און אַנטפּלעקונגען האָבן זיך נישט אָנועקגערירט פון הויז פון דער סאָוויעטישער געזאַנדשאַפט און זיינען נאָכגעלאָפן די גאַנצע צייט נאָך אירע וואַגנס, נישט פרעגנדיק, אַפילו, צי דאָס געפעלט די שטאָלצע און בייזע פריצים. מיט וויפיל פּאַטאָס שילדערט די צייטונג „על המשמר" (פון 22.2.53) „דעם סוף פון דער איבערייס־אַקציע", וועלכע איז אויסערלעך נישט געווען אַזוי שרעקלעך. אַדרבה, די העפלעכקייט־אויסדרוקן זיינען געווען אַ סך און די האַנט־דרוקן זיינען געווען פריינטלעכע; די גאַנצע האַפן־און גרעניץ־פּאָליציי איז געווען אויף די פיס, כדי צו פאַרענדיקן אָן שטערונגען דאָס אָפּפאָרן פון דער דיפּלאָמאַטישער דעלעגאַציע. און צו געזעגענען זיך מיט די מיטגלידער

פון דער סאָוויעטישער געזאַנדשאַפט זיינען געקומען די פאָרשטייער אין ישראל פון 4 מדינות פון דער פאָלקס־דעמאָקראַטיע, פאָרשטייער פון אויסערן־מיניסטעריום און די כנסת־מיטגלידער פון מפ״מ; מק״י־פראַקציע און דער לינקער פראַקציע״.

און בכדי די זאַך זאָל בלייבן אין זכרון ביזן סוף פון אַלע דורות איז אונטער־געשטראָכן אינם אָרגאַן פון די „ציוניסטן חלוצים״: „דער ערשטער פון די כנסת־מיטגלידער, וואָס איז געקומען זיך געזעגענען, איז געווען מאיר יערי, וועלכער האָט באַזוכט די שיף „קאדעש״ פאַרן אָנקומען פון די געזאַנדשאַפט־מיטגלידער, נאָך אים איז געקומען יעקב ריפטין און ראָסטאָס באַסטאָני, נאָך זיי איז געקומען עמיל חביבי — און צום סוף אויך מ. סנה און זיין פרוי און ד״ר א. בערמאַן, און נאָך זיי — אויך מ. ווילנער, אסתר ווילענסקי, ש. מיקוניס און טופיק טובי״.

אויף אייביק וועט אונז ביישטיין דער גרויסער היסטאָרישער זכות פון מאיר יערי, וועלכער האָט באַזוכט די שיף „קאדעש״ נאָך איידער עס זיינען אָנגעקומען די מיטגלידער פון דער געזאַנדשאַפט און דער פירער פון „השומר הצעיר״ איז געווען דער ערשטער פון די ערשטע — און נישט סנה און מיקוניס, וועלכע זיינען געקומען ערשט צום סוף. אָבער דידאָזיקע חלוצישע און רעוואָלוציאָנערע צייטונג האָט אונז נישט דערציילט וויפיל אידן אין מאָסקווע און אויף דער גרעניץ פון ראַטנפאַרבאַנד האָט מען דערלויבט זיך צו געזעגענען מיט די מיטגלידער פון דער ישראל־געזאַנד־שאַפט. דער „על המשמר״ האָט אונז אויך נישט געוואָלט אויסזאָגן, צי האָט דער געזאַנדטער פון ראַטנפאַרבאַנד געדריקט די האַנט פון מאיר יערי און צי האָט ער באַוויליקט מיט אים צו רעדן. און צי האָט מאיר יערי געוואַגט אים צו פרעגן, פאַרוואָס דערלויבט מען נישט די אידן אין ראַטנפאַרבאַנד צו באַגלייטן דעם געזאַנדטן פון ישראל, פונקט ווי מען דערלויבט די ישראל־בירגער צו באַגלייטן דעם געזאַנדטן פון ראַטנפאַרבאַנד.

די מענטשן פון „השומר הצעיר״ און די רעדאַקטאָרן פון „על המשמר״ האָבן זיך גאָרנישט אָפגעשטעלט אויף דעם אויסטערלישן קליינעם, אָבער פול־באַדייטנדיקן פאַקט, וואָס אין דער „רעפאָרמיסטיש־בורזשואַזער״ ישראל קענען די חסידים פון דעם „צווייטן היימלאַנד״ באַגלייטן אַ פרעמדן געזאַנדטן, וואָס רייסט איבער זיינע באַ־ציאונגען מיט ישראל, — אָבער אין צענטער פון דער „וועלט פון רעוואָלוציע און פעלקער־גאולה״ וואַגט נישט קיין שום איד צו געזעגענען זיך מיט די פאָרשטייער פון זיין פאָלק, וועלכע פאַרלאָזן געצוואונגענערהייט דאָס לאַנד, וואָס איז נאָך אין די צייטן פון די מענטשן, וועלכע לעבן נאָך איצט צוזאַמען מיט אונז, געווען דער הויפט־צענטר אין דער וועלט פון חיבת ציון, ציוניזם און העברעאישער און אידישער קולטור — און ערשט אונטערן רעזשים פון ראַטנפאַרבאַנד האָט זיך דאָסדאָזיקע לאַנד פאַרוואַנדלט אין אַ בית הקברות פון ציוניזם און פון אידישער קולטור. אין דערדאָזיקער אויפירונג פון די פירער פון „השומר הצעיר״ איז שווער צו געפינען וועלכן עס איז רמז און זכות פון דעם „סינטעז״ צווישן ציוניזם און סאָציאַליזם, צווישן חלוציזם און רעוואָלוציאָניזם; דידאָזיקע באַליידיקנדע און פרעמדשאַפטלעכע „מה יפית״־קריכערישקייט פאַרמאָגט נישט דעם מינדעסטן אַנדייט

אויף ציוניזם, און אַפילו קיין טראָפּן נישט פון סאָציאַליזם אָדער רעוואָלוציאָנעריש־קייט, אויב דידאַזיקע באַגריפן זיינען נישט, אין דער אויפאַסונג פון „השומר הצעיר״, קיין סינאָנימען פאַר מאָראַלישער פאַרשקלאַפונג און דערנידעריקנדער און שענדלע־כער קריכערישקייט אַנטקעגן דעם אַגרעסאָר.

4. געטריישאַפט צו ראַטנפאַרבאַנד און — זיכערקייט פון מדינת ישראל

אָבער לאָמיר נישט זיין פעדאַנטיש לגבי די פירער פון „השומר הצעיר״ אין דעם ענין פון אידישן און מענטשלעכן זעלבסט־כבוד. לאָמיר זיך נאָר אָפּשטעלן אויף זייער רעוואָלוציאָנערן „סינטעז״ אין ליכט פון די גרונט־פּרינציפּן פון ציוניזם, און מיר וועלן אָנהויבן פונם וויכטיקסטן פּרינציפּ — די זיכערקייט פון דער מדינה.

קיינער דאַרף נישט און קען נישט נעמען ערנסט די ווערטער פון י. ריפטין, אַז ער רעדט, כלומרשט, אין נאָמען פון די „אַרבעטער, די זעלנער און די אינטעליגענץ אין ישראל״. ריפטין איז באַרעכטיקט צו רעדן אין נאָמען פון די אַלע, פּונקט ווי די צייטונג פון מיקוניס איז וועריק גערופן צו ווערן מיטן נאָמען „קול העם״ — די שטים פון פאָלק. מען מעג אַפילו צווייפלען, צי ריפטין איז באַרעכטיקט צו רעדן אין נאָמען פון אַלע מיטגלידער פון דער „פאַראייניקטער אַרבעטער פּאַרטיי״. אָבער אין זיין רעדע אין כנסת האָט זיך ריפטין געשטיצט אויפן באַשלוס פון זיין פּאַרטיי, און זיין פּאַרטיי איז דאָך די, וואָס האָט דערקלערט נאָך מיט צוויי יאָר צוריק, אַז זי „וועט בלייבן געטריי ראַטנפאַרבאַנד סיי אין שלום־צייט און סיי אין מלחמה־צייט״, און זי האָט באַנייט דעם אינהאַלט פון דעמדאָזיקן באַשלוס נאָכן פּראַגער פּראָצעס, אויפן ראַט, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 25—24 דעצעמבער 1952. מפ״מ האָט אויף אָט דעם ראַט געשוואוירן, אַז זי וועט שטיין אָן אָפּהאַלט אויף דער זייט פון די לענדער פון דעם סאָציאַליזם און די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס אין זייער קאַמף קעגן די אויסערלעכע שונאים און זי וועט אויך שטיין אויף זייער זייט קעגן זייערע אינערלעכע שונאים.

עס איז שווין באַמערקט געוואָרן, אַז נישט מפ״מ, און אַפילו נישט ריפטין און יערי, באַשטימען, ווער עס זיינען די אינערלעכע שונאים פון די „לענדער פון סאָציאַליזם און פאָלקס־דעמאָקראַטיעס״, נאָר בלויז די הערשער פון קרעמל, קענען — און טוען אַזוי — שטעמפלען אַפילו די חברים פון „השומר הצעיר״ אַלס אינערלעכע שונאים, אויב זיי געפינען זיך נאָר אין די לענדער פון די „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס״. מען דאַרף נישט צוגעבן, אַז אויך די „אויסערלעכע שונאים״ ווערן באַשטימט נישט דורך די פירער פון „השומר הצעיר״, נאָר דורך די הערשער פון קרעמל, פּונקט, ווי זיי באַשטימען, פון צייט צו צייט, ווער זיינען זייערע פאַרבינדעטע.

עס איז אויך נישט זייער באַקוועם און געוואונטשן פאַרן געשמאַק פון די חברים פון „השומר הצעיר״, דאָס דערמאָנען זיי, אַז סטאַלין האָט זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון שליסן אַ פּאַקט מיט היטלערן, כאָטש בנטוב און ציפור און עמית פון „השומר הצעיר״ האַלטן עס (אָדער ריכטיקער האָבן אַזוי געהאַלטן, ווייל דער „השומר הצעיר״ האָט מיט דער צייט פּראָגרעסירט) פאַר „סטאַלינס פּאַראַט״. און דער קרעמל האָט גאָרנישט קיין מורא צו פּראָקלאַמירן דעם ציוניזם, דעם „דזשאָינט״ און מדינת ישראל אַלס „אויסערלעכע שונאים״, טראָץ דעם, וואָס דאָס איז נישט אַקצעפּטירט געוואָרן דורך אַלע חברים פון „השומר הצעיר״.

דאָס איז נישט גלאַט אַזוי אַ השערה אָדער אַ מיינונג, נאָר אַ פּאַקטישע ווירקלעכקייט, — אַז די צייטונג „פּראַוודאַ״, דער העכסטער אָרגאַן פון דער סטאַלי־ניסטישער פּאַרטיי אין מאָסקווע (פּראַוודאַ איז דער טייטש — אין דער סגי־נהור־שפּראַך — „אמת״), האָט דערקלערט אין אַ קלאָרער און איידעלער שפּראַך, אַז די ציוניסטישע באַוועגונג, דאָס אַלוועלטלעכע אידנטום (וואָס נעמט נישט אַריין, פאַר־שטענדלעך, אין זיך דעם לעבעדיקן איליאַ ערנבורג און דעם טויטן מיכאלס) און מדינת ישראל זיינען שונאים פון דער „וועלט פון רעוואָלוציע״ און, אַז די הערשער פון ישראל און די פירער פון אידישע גרויסע אָרגאַניזאַציעס זיינען נאָר משוגע׳נע הינט און אויסוואורפן פון מין מענטש, פאַר׳סמ׳ער פון רוסלאַנד׳ס גדולים און שפּיאָנען פונם אימפּעריאַליזם א.אַ.וו.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ערנסטער אויפקלערונג, וועלכע מיר האָבן זיך אונטערגענומען צו מאַכן, די אויפקלערונג וועגן דער באַציאונג פון „השומר הצעיר״ צו דעם הויפּט־פּראָבלעם פון מדינת ישראל, צום פּראָבלעם פון וועלכן עס איז אָפּהענגיק נישט בלויז די עקזיסטענץ פון דער מדינה, נאָר אויך די פּערזענלעכע עקזיסטענץ און גורל פון אַלע אידן אין ישראל, און אפשר אויך פון אַלע אידן אין דער וועלט, צום פּראָבלעם פון ז י כ ע ר ק י י ט פון מדינת ישראל, וועלן מיר זיך איצט נישט אַריינלאָזן אין אַן אַנדער וויכוח, אַ פּרינציפּיעלן און גרינטלעכן וויכוח, וואָס גרייכט די טיפסטע טיפענישן פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אויפאַסונג, און וואָס איז, בעצם, אַ וויכוח פון פאַקטן: — צי עקזיסטירט טאַקע אין ראַטנפאַרבאַנד אַ סאָציאַליסטישער רעזשים, אין וועלכן עס ווערט פאַרווירקלעכט דער קאָמוניזם,—ווי עס טענה׳ען סטאַלינס חסידים, אָדער פאַרקערט, אַז ראַטנפאַרבאַנד איז אַ לאַנד, וואו עס הערשט אַ פאַשיסטישער, טאָטאַליטאַרער רעזשים, אַן ערגערער, אין געוויסע הינזיכטן, פונם רעזשים פון איוואַן דעם גרויזאַמען אָדער פון דעם אַכזריות׳דיקן אַראַקטשעיעוו אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער און ניקאָלאַי דעם ערשטן, לויט ווי עס באַווייזט אונז די ווירקלעכקייט.

דער „השומר הצעיר״ האַלט, ווי אַלע חסידים פון טאָטאַליטאַרע רעזשימען, סיי פון רעכטס און סיי פון לינקס, אַז עס איז נישט נויטיק אויפצווייזן דעם אמת פון דידאָזיקע זאַכן, — עס איז גענוג צו פּראָקלאַמירן זיי טאָג און נאַכט, און מיט דער הילף פון טעראָר־מיטלען אָדער דורך מאָראַלישן אָפּשרעקן נישט דערלאָזן די אַפּיקורסים, וועלכע גלויבן נישט אין די נאַרישע פּראָקלאַמירונגען — אַרויסצוזאָגן זייערע קעגנ־זעצלעכע ווערטער און טענות. און עס וועט קיינמאָל נישט טרעפן, אַז די חסידים פון קאָמאינפאָרם אין לאַנד — אַנהויבנדיק פון ווילנער׳ן און ענדיקנדיק מיט יערי׳ן — זאָלן מאַכן וועלכן עס איז פּרווו אָפּצופרעגן די באַווייזן, אַז אין רוסלאַנד הערשט פאַקטיש אַ דערדריקנדע און פאַרשקלאַפטע טיראַניע, ווי עס האָט נאָך קיינמאָל נישט עקזיסטירט, און אַז מען באַנוצט זיך דאָרט מיט טעראָר־ און אָנשרעק־מיטלען, סיי קעגן אַרבעטער און פויערים און אינטעליגענץ און סיי קעגן די פּאַרטיי־פירער גופא. די חסידים פון דעם קאָמאינפאָרם באַפרידיקן זיך מיט איין ענטפער פאַר די אומגלויביקע לגבי דער עקזיסטענץ פון סאָציאַליסטישן רעזשים אין ראַטנפאַרבאַנד: „איר העצט קעגן ראַטנפאַרבאַנד״. אַזוי האָט מען געענטפערט אין מיטלאַלטער יעדן איינ־ציקן, וואָס האָט געפּרווט צו צווייפלען אין דער הייליקייט פון פויפּסט און אין די „אמת׳ן״ פון דער קאַטוילישער קירכע.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם ענין וועלכן מיר באַהאַנדלען, האָבן מיר נישט נויטיק דווקא אַן אַנטשיידונג אין אָט דעם וויכוח, ווייל עס איז דאָך פאַראַן אַ געוויסער אונטערשייד צווישן דעם צוגאַנג פון „השומר הצעיר" צום „רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם" און צווישן דעם צוגאַנג פון סנה און מיקוניס. דער אָפּגעבער אָדער פאַרמאַסקירטער מק"י'סט האָט קיינמאָל נישט געפונען וועלכע עס איז עוולה ביי ראַטנפאַרבאַנד, נישט אינם פראַגער פּראָצעס און נישט אינם עלילת־דם אויף די אידישע דאָקטוירים, וועלכע זיינען, כלומרשט, טעטיק, אין נאָמען פון „דזשאָינט" און די ציוניסטן. לגבי דידאָזיקע „קאָמוניסטן" איז נישטאָ קיין סתירה צווישן זייער באַציאונג צום ציוניזם און צום אידנטום און צווישן זייער פּראָקלאַמירטן גלויבן (אמת'ן אָדער געמאַכטן), אַז אַלץ, וואָס ראַטנפאַרבאַנד טוט — איז גוט און ריכטיק, און אַז סטאַלין איז תמיד גערעכט, פּונקט אַזוי ווי די חסידים פון מוסאָליני, וועלכע האָבן שטענדיק איבערגע'חזר'ט דעם באַקאַנטן פאַשיסטישן לאָזונג „דער דוטשע איז תמיד גערעכט". אָבער יערי און זיינע חברים געהערן נישט צו די עכטע אָדער געמאַכטע חסידים שוטים פון מיקוניס'עס און סנה'ס סאָרט. יערי און זיינע חברים האַלטן פון ציוניזם און חלוציזם, און גלויבן אינם „סינטעז" פון דעמדאָזיקן ציוניזם מיטן רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם. און זיי זיינען צייטנווייז מודה, כאָטש אויף אַ שוואַכן אופן — און דאָס ערשט נאָך אינערלעכע און אויסערלעכע דריידלעך, און אונטערן שטאַרקן דרוק פון די מפ"מ־חברים, וואָס געהערן נישט צום „השומר הצעיר", און אפשר אויך צוליב דער מורא פאַר דער אידישער און ציוניסטישער געזעלשאַפטלעכער מיינונג, — אַז די באַציאונג פון ראַטנפאַרבאַנד צום ציוניזם איז אַ טעות'דיקע, און דאָס נעגירן די עקזיסטענץ פון אידישן פאָלק פּאַסט נישט פאַר עכטע לעניניסטן, און דאָס פאַרוואַרפן די אידישע אָפּשטאַמונג פון סלאַנסקי און זיינע חברים, גייט נישט האַנט ביי האַנט מיטן רעוואָ־לוציאָנערן סאָציאַליזם, אַזוי ווי ער דאַרף זיין, לויט דער מיינונג פון „השומר הצעיר", און אַז אין אידישע און ציוניסטישע ענינים, קען אַפילו ער אַליין, דער הגדול, הגבור און הנורא, סטאַלין, בכבודו ובעצמו, האָבן אַ טעות. פאַרשטייט זיך, אַז דער השומר הצעיר" איז זיכער, אַז דעררדאָזיקער אָפּנויג פון עכטן לעניניזם לגבי דעם ציוניזם, דער אָפּנויג, וואָס ציט זיך שוין העכער פינף און דרייסיק יאָר, נאָך איידער עס זיינען אַנטשטאַנען די סאָוויעטן, איז נישט מער, ווי אַ פאַרדריסלעכע און פאַרבייגייענדיקע מיספאַרשטענדניש און די חכמי „השומר הצעיר" זיינען זיכער, אַז זיי האָבן אין זיך די קראַפט, איבערצוצייגן די „וועלט פון רעוואָלוציע" און אירע פאַרהערלעכטע פירער, אַז אין איין־און־איינציקן פּונקט, אינם אידישן פּונקט, האָבן זיי געבלאָנדזשעט זייער גאַנץ לעבן. און אין די הערצער פון די חברים פון קיבוץ הארצי איז נישטאָ קיין שום ספק, אַז זיי זיינען מסוגל מחזיר למוטב צו זיין די פאַרבלאָנדזשעטע און אַרויפפירן זיי אויפן ריכטיקן וועג; אָבער אַפילו יערי גופא, וואָס אַלס מאַרקסיסט, און נישט זייענדיק קיין נביא און נישט קיין בן־נביא (ווי באַשיידן איז דעררדאָזיקער מענטש!) זאָגט ער פאַר די צוקונפט און ווייסט אַלץ פון פריער, אַפילו ער, ווייסט נאָך דערווייל נישט ווען, בעצם, צי וועט אים אָדער זיינע חברים געלונגען אָפּצושאַפן די פאַרביי־גייענדיקע „מיספאַרשטענדניש", און וויפיל יאָרן וועלן פאַרגיין, ביז זיי וועלן קענען מתקן זיין דעם קאָמוניזם אין דעם ציוניסטישן און חלוצישן קעניגרייך. און אַ „טעות" וואָס ציט זיך שוין העכער דרייסיק יאָר — ווער ווייסט, צי ער וועט זיך נישט ציען נאָך צענדליקער יאָרן.

עס איז קלאָר, אַז ביז דעם השומר הצעיר וועט געלינגען אויסצובעסערן דעם
קאָמוניזם אין אידישן פונקט — וועט פאַרגעזעצט ווערן די פאַרפאָלגונג קעגן ציוניזם,
און לויטן באַטירלעכן גאַנג פון די ענינים, און אויך לויט דער מיינונג פון „השומר
הצעיר״, שטייט מדינת ישראל אין צענטר פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און זי
איז סיי דער הויבער און סיי די קאָוואָדלע פאַר פאַרווירקלעכונג. און דער רעזשים
פונם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם, וואָס, ווי באַוואוסט, האַלט ער זיך נישט אָפּ, כדי
צו דערגרייכן זיין ציל, פון קיין שום מיטלען, וואָס געפינען זיך אין זיין האַנט, קען
פּרווון, כאָטש נאָר צוליב „אַ פאַרבייגייענדיקע מיספאַרשטענדניש און טעות״, ווי עס
האָט געטראָפן מיט דעם רעוואָלוציאָנערן צדיק מ. אורן אין פּראַג, דעראָבערן מדינת
ישראל, פאַרשטייט זיך, אַז נישט צוליב אימפּעריאַליסטישע דעראָבערונגס־צילן, נאָר
כדי צו „באַפרייען״ די אידישע אַרבעטער־מאַסן און די אַראַבישע מינדערהייט, וועלכע
ווערט אונטערדריקט, לויטן עדות זאָגן פון דער סאָוויעטישער ענציקלאָפּעדיע, דורך
דר״ ווייצמאַן, אין איינקלאַנג מיט די אָנווייזונגען פון אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם.

אמת, — אין דער צווישנצייט, איז געשטאָרבן ד״ר ווייצמאַן, וואָס אַפילו
„השומר הצעיר״ האָט געהאַלטן פון אים, טראָץ די אידיאָטישע בלבולים, וואָס די
סאָוויעטישע „וויסנשאַפט״ האָט אויף אים געמאַכט. אָבער עס איז נישטאָ קיין גרונט
אָנצונעמען, אַז די טעאָרעטיקער פון ראַטנפאַרבאַנד און זיינע הערשער וועלן זיך
באַציִען מיט מער כבוד צום צווייטן פּרעזידענט אין ישראל. אַ מענטש פון אויס־
געשפּראָכענעם „רעפאָרמיזם״ און וועלכער פאַלט געוויס נישט אַראָפּ פון ד״ר ווייצמאַן
אין זיין פאַרשקלאַפטקייט צום אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם און זעצט פאָר די אונטער־
דריקונגס־פּאָליטיק לגבי די אידישע אַרבעטער־מאַסן און דער אַראַבישער מינדערהייט;
און דער פאַקט, וואָס דער „השומר הצעיר״ און זיינע חברים פון מפּ״ם האָבן פאַר אַים
געשטימט אין כנסת, וועט אים נישט ביישטיין ביי די פירער פון דער „וועלט פון
רעוואָלוציע״, פונקט ווי דיזאָזיקע אונטערשטיצונג האָט נישט געהאָלפן ווייצמאַנען;
ווייל מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז די אויסגעשפּראָכענע קאָמוניסטן, דאָס הייסט, די
מק״י־לייט, וועלכע זיינען טאַקע פּסול ביי די „השומר הצעיר״, ווי געפעלשטע
לעניניסטן, זיינען אָבער אַבסאָלוט באַגלויבטע, און נאָר זיי, זיינען די באַגלויבטע
(פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נאָר דערווייל, לויט דער פאַרדריסלעכער און פאַרביי־
גייענדיקער מיספאַרשטענדניש) ביי די הערשער פון ראַטנפאַרבאַנד, און נאָר זייער
רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם איז, על פּי טעות, אָנערקענט דורך דער „שכינה״ אין
מאָסקווע. — מען טאָר דעריבער נישט פאַרגעסן, אַז זיי האָבן געשטימט קעגן אויס־
געוויילטן פּרעזידענט פון אָנהויב ביזן סוף, און אָנשטאָט אים האָבן זיי בעסער אויס־
געקליבן מפּ״מ׳ס „קאַזיאָנע ראַבינער״, דעם בכבוד׳דיקן הער גרינבוים, דעם לערער
און פריינט פון משה סנה. און אויב עס וועט זיך מאַכן אַ געלעגנהייט און די הערשער
פון מאָסקווע וועלן וועלן „באַפרייען״ די אידישע אַרבעטער־מאַסן פון דער אונטער־
דריקונג פונם ישראל־פּרעזידענט, און אַראָפּוואַרפן פון זיי דעם יאָך פון „פאַר־
שקלאַפונג צום אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם״, און זיי וועלן באַשליסן איינפירן אין
ישראל אַ רעזשים פון „פאָלקס־דעמאָקראַטיע״, פונקט ווי די סאָוויעטישע אַרמיי האָט
עס געטאָן אין בולגאַריע, פּוילן, רומעניע, אונגאַרן און טשעכאָסלאָוואַקיע, ווען די
מערב־כוחות האָבן זיך קעגן דעם נישט אַנטקעגנגעשטעלט, און פונקט, ווי עס וויל

עס איינפירן די „וועלט פון רעוואָלוציע" אין דרום־קאָרייע — און קען עס נישט טאָן, נאָר בלויז צוליב דעם, וואָס די אונ"א־כוחות, אונטער דער אַמעריקאַנישער אָנפירונג און מיט איר הילף, לאָזן נישט צו דערצו, — וואָס וועט זיין די שטעלונג פון די „ציוניסטן חלוצים„ פון „השומר הצעיר" אין דעמדאָזיקן פאַל?

5) ווען וועלן זיי העלפן און וועמען וועלן זיי פאַראַטן?

וויאַזוי וועלן זיי האַנדלען אין אַזאַ פאַל — וועלכער איז אפשר נישט אַקטועל אין איצטיקן מאָמענט, אָבער ער איז געוויס נישט אויסגעשלאָסן — די גרעניץ־קיבוצים פון „השומר הצעיר" — אילון, עין־שמר, להבות־הבשן, נירים, צקלג און אַנדערע? וויאַזוי וועלן האַנדלען די חברים פון „השומר הצעיר" אין דער ישראל׳דיקער פאַרטיידיקונגס־אַרמיי? וועלן זיי שטיין צוזאַמען מיט מדינת ישראל, וועלכע איז „פאַרשקלאַפט צום אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם" און זיי וועלן זי פאַר־טיידיקן, טראָץ דעם, וואָס זי האָט נאָר אַ פאָרמעלע דעמאָקראַטיע און נישט קיין „עכטע אומאָפּהענגיקייט"? וועלן זיי פאַרטיידיקן די מדינה, וועלכע פאַרמאָגט נישט דעם אידעאַלן רעזשים, וואָס עס ווינטשט זיך „השומר הצעיר", אַ רעזשים פון „פאָלקס־דעמאָקראַטיע", און דערווייל שטייען אין שפּיץ פון איר רעגירונג „רעפאָרמיסטן, קלעריקאַלן און בורזשויען", דיזעלבע, וואָס שטייען צוזאַמען מיט „השומר הצעיר" אין דער שפּיץ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע —אָדער, דער „השומר הצעיר" צוזאַמען מיט זיינע קיבוצים, זיינע פירער, זיינע זעלנער אין צ.ה.ל., די וואָס אַרבעטן אין די רעגירונגס־אינסטיטוציעס, אין דער אַרבעטער־הסתדרות, אין די אַמטן פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע, — וועלן בלייבן געטריי דער פּראָקלאַמירטער פּאָליטיק פון מפ"מ — און זיי וועלן שטיין אויף דער זייט פון די „באַפרייער" אין נאָמען פון דער „וועלט פון דער רעוואָלוציע"?

און זאָלן זיך די חברים פון „השומר הצעיר" נישט אַרויסדרייען פון געבן אַן ענטפער אויף דערדאָזיקער אויפטרייסלענדיקער פראַגע מיטן אויסרייד, אַז דאָס איז אַ היפּאָטעטישע פראַגע און זי פאַרפליכטעט נישט צו קיין ענטפער.

אַ פּאַרטיי, וואָס האָט דאָך מיט צוויי יאָר צוריק, געהאַלטן פאַר נויטיק צו פּראָקלאַמירן פאַר דער גאַנצער וועלט און פאַרן אידישן פאָלק אין ישראל און אין די תפוצות, אַז „די אַרבעטער, די זעלנער און די אינטעליגענץ אין לאַנד וועלן קיינמאָל נישט קעמפן קעגן ראַטנפאַרבאַנד אין דער צייט פון שלום און אין דער צייט פון מלחמה", נישט פּראָקלאַמירנדיק גלייכצייטיק וועגן זייער קאַמף־פּאָזיציע לגבי די פאַרייניקטע שטאַטן אָדער אַרגענטינע, אָדער פראַנקרייך, אָדער אַן אַנדערע מדינה, וואָס זיי אַליין זיינען, לויט דער טעאָריע פון „השומר הצעיר", די מלחמה־העצערישע און בלוטדורשטיקע מדינות — איז דאָס אַ באַווייז, אַז די פּאָליטיקער און טעאָרעטיקער און פאָראויסזעער פון מפ"מ האָבן געמיינט, אַז אַזאַ געלעגנהייט איז נישט קיין אויסגעטראַכטע און היפּאָטעטישע, נאָר אַ ממשות׳דיקע און אַקטועלע. און זיי האָבן עס געטאָן נישט בלויז מיט העכער צוויי יאָר צוריק, — זיי האָבן איבערגע׳חזר׳ט דידאָזיקע פּראָקלאַמירונג אויפן פּאַרטיי־ראַט, וואָס איז פאָרגעקומען נאָכן פּראַגער פּראָצעס, מיט עטלעכע וואָכן צוריק, ווען עס האָט שוין אָנגעהויבן צו בושעווען, עפנטלעך פאַר אַלע, די אַנטי־אידישע און אַנטי־ציוניסטישע באַשולדיקונגס־העצע

פון דער „וועלט פון רעוואָלוציע״. די חברים פון „השומר הצעיר״ ווייסן, ווי יעדער איינציקער פון אונז, אַז די פּראַגער רעגירונג וועט נישט טאָן קיין שום זאַך, נישט קיין קליינע און נישט קיין גרויסע, אָן אַנווייזונגען פון מאָסקווע; און אַז זיי ווייסן עס זייער גוט, איז קלאָר פון זייער אומאויפהערלעכן דערמאָנען, אַז ראַטנפאַרבאַנד איז געשטאַנען אויף אונזער זייט אין אונזער באַפרייאונגס־מלחמה. כאָטש בעת דער מלחמה האָבן מיר נישט געקענט דערוועגן, אַפילו, קיין איין קויל. פון ראַטנ־פאַרבאַנד, און נאָר טשעכאָסלאָוואַקיע, מיט דער אונטערשטיצונג פון יוגאָסלאַוויע, האָט אונז פאַרקויפט געווער, און דער „השומר הצעיר״ פאַרעכנט — נישט גלאָט אין דער וועלט אַריין — דעמדאָזיקן טאָט פון דער פּראַגער רעגירונג אויפן חשבון פון מאָסקווע.

דער לעצטער ראַט פון מפ״מ איז אַפילו געגאַנגען ווייטער פון דער מפ״מ־קאָנפערענץ פון העכער צוויי יאָר צוריק. דעמאָלסט איז בלויז פּראָקלאַמירט געוואָרן, אַז „זיי וועלן בלייבן געטריי ראַטנפאַרבאַנד סיי אין שלום־צייט און סיי אין מלחמה־צייט״. אויפן ראַט נאָכן פּראַגער פּראָצעס, האָבן זיי צוגערעכנט צו דער ליסטע פון זייערע פאַרבינדעטע, סיי בעת׳ן שלום און סיי בעת אַ מלחמה, — אויך אַלע „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס״, און זיי האָבן זיך פאַרפליכטעט נישט בלויז צו דער נעגאַטיווער שטעלונג, „נישט צו קעמפן״, נאָר צו אַקטיווער הילף, און זיי האָבן פּראָקלאַמירט צו שטיין אָן אָפּהאַלט אויף דער זייט פון די לענדער פון דעם סאָציאַליזם און די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס קעגן אַלע אינער־לעכע און אויסערלעכע שונאים.

לאָמיר־זשע זיך פאָרשטעלן אַזאַ מין מעגלעכקייט, וואָס איז נישט אַזוי ווייט און אויסגעשלאָסן פון דער ווירקלעכקייט, אַז די קאָמוניסטן אין עיראַק, וואָס זייער צאָל איז אפשר נישט גרעסער, ווי עס איז געווען די צאָל קאָמוניסטן אין רומעניע, איידער זי האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ „פאָלקס־דעמאָקראַטיע״, פאַרכאַפּן מיט דער הילף פון דער וועלט פון רעוואָלוציע, מיט דער אָפענער אָדער פאַרמאַסקירטער הילף, די מאַכט אין עיראַק און זיי פּראָקלאַמירן אַן עיראַקישע פאָלקס־דעמאָקראַטיע. אַפילו צווישן דעם „השומר הצעיר״ זיינען נישטאָ קיין סך נאַאיווע, וואָס גלויבן, אַז 98% פון פּוילישן פאָלק האָבן זיך באמת פּלוצלינג פאַרוואַנדלט אין חסידים פונם קרעמל און אין „רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטן״ — ווי עס איז אָפיציעל איבערגעגעבן געוואָרן וועגן די רעזולטאַטן פון די לעצטע וואַלן אין פּוילן. און ווען פּוילן און רומעניע, וואו דער אַבסאָלוט גרעסטער טייל פון זייער באַפעלקערונג זיינען אַנטי־קאָמוניסטן און שונאים פון רוסלאַנד, זיינען איבערנאַכט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס״ אַדאַנק דעם צוביבער־שטעקעלע פון דער „וועלט פון רעוואָ־לוציע״, וואָס האָט זיך באַוויזן ביים סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין יענע לענדער, און עס איז בכלל נישט אויסגעשלאָסן, אַז אַזאַ „נס״ קען אויך טרעפן אין עיראַק, און די אינטעגראַלע „טייל״ פון דער וועלט פון רעוואָלוציע ביי אונז — פון מק״י און ביז „השומר הצעיר״ — וועלן זיך פרייען און טאַנצן פון שמחה און זיין גליקלעך מיט דערדאָזיקער „רעוואָלוציע״. לאָמיר־זשע אָננעמען, אַז אין די וועגן פון עיראַק גייען אויך סיריע און עבר הירדן, און אָט די דריי „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס״ קומען „באַפרייען״ די פאַרשקלאַפטע אַרבעטער־מאַסן אין ישראל, כדי צו מאַכן אַ סוף

צו דער ישראל־דיקער פאַרשקלאַפונג צום אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם; — וואָס וועלן סאָן די ריטער פונעם חלוצישן „ציוניזם" און פון דעם „רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם"? — וועלן זיי קעמפן צוזאַמען מיט די „רעפאָרמיסטן און בורזשויען" פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון ישראל אַזוי ווי זי איז, אָדער זיי וועלן צוהעלפן „אַן קיין שום אָפּהאַלט", אַזוי ווי זיי האָבן פייערלעך און עפנטלעך פּראָקלאַמירט, די „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס"?

וויאַזוי וועט זיך „סינטעזירן" אין דעמדאָזיקן פּראָצעס דער ציוניסטישער חלוציזם און די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציאָנערישקייט פון „השומר הצעיר"?

מיט אַנדערע ווערטער: ווען וועט פאַראַטן דער „השומר הצעיר" אין דעם פאַל: וועט ער פאַראַטן דאָס „היימלאַנד פונעם זיך־פאַרווירקלעכנדיקן סאָציאַליזם", וואָס האָט פּראָקלאַמירט (צוליב אַ צייטווייליקע פאַרבייגייענדיקע מיספאַרשטענדניש א.אַ.וו.) אַ מלחמה קעגן דער גאולה־באַוועגונג און די באַפרייאונג פון אידישן פאָלק אין זיין היימלאַנד, אָדער בלייבנדיק געטריי זיינע פּראָקלאַמירונגען אין כנסת, אויפן הסתדרות־ראַט, אויף דער קאָנפערענץ און אויפן ראַט פון זיין פּאַרטיי — וועגן געטריישאַפט צו ראַטנפאַרבאַנד און די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס אין דער צייט פון שלום און פון מלחמה — וועט ער פאַראַטן זיין אידיש פאָלק, זיין ישראל׳דיק היימלאַנד און דעם חלוצישן און נישט־חלוצישן ציוניזם?

**דאָס איז די פראַגע!**

## ז. קרעמל אָדער ירושלים

„די אַנטשיידונג וואָס שטייט פאַר אונז איז: וועמען זאָלן מיר גלויבן? פאַר וועמען זאָלן מיר זיך באַמיען? די ישראל׳דיקע אַרבעטערשאַפט דאַרף אַנטשיידן: דער קרעמל — אָדער ירושלים".
(ד. בן־גוריון, 29.4.1951, „חזון ודרך",
באַנד ג׳, זייט 135).

„וואו און ווען איז געווען אַ סתירה צווישן דעם קרעמל און ירושלים?"

(מ. בנטוב אין כנסת, 29.5.1951).

1. די אויסמיידונג פון אַ „צווייטן גאַנג" ליגט נישט אין אונזערע הענט

די דאַטעס פון די צוויי ציטאַטן באַווייזן, אַז די פראַגע פון פּאָליטישן פירער און אינטערנאַציאָנאַלן ספּעציאַליסט פון השומר הצעיר, מ. בנטוב, איז געקומען אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם פּרעמיער־מיניסטערס אַרויסגעזאָגטע מיינונג, אַז עס עקזיסטירט אַ סתירה צווישן דעם קרעמל און צווישן ירושלים, און אַז די ישראל׳דיקע אַרבעטערשאַפט דאַרף אַנטשיידן — אַהין אָדער אַהער. דערדאָזיקער וויכוח איז ספּעציעל וויכטיק, ווייל ער איז פאָרגעקומען כמעט מיט צוויי יאָר פריער פאַרן פּראַגער פּראָצעס און די „מאָסקווער פאַרפּנטלעכונגען", ווי דער „השומר הצעיר"

רופט איידל דעם בלוט־בלבול און די באַשמוצונגען פון אידנטום און דעם ציוניזם דורכן סאָוויעטישן באַשולדיקער און דורך דער רוסישער פרעסע. דער וויכוח איז נישט וועגן אַ נישט־פּאַראויסגעזעענער געשעעניש, עפּעס אַן „אינצידענט״, אָדער אַן אינערלעכע פּאַרוויקלונג, נאָר וועגן פּערמאַנענטע פּעסטגעשטעלטע באַציאונגען צווישן צוויי פּאָליטישע רעאַליטעטן, וואָס איינע פון זיי הייסט „קרעמל״ און די צווייטע הייסט — „ירושלים״.

אַלע, אַן אויסנאַם, ווייסן וואָס איז דער טייטש „קרעמל״, און עס נישטאָ קיין אונטערשייד צי מען רופט עס מיטן נאָמען ראַטנפּאַרבאַנד, אָדער „וועלט פון רעוואָלוציע״, אָדער „קאָמוניסטישע״ דיקטאַטור — אָדער די מאַכט פון סטאַלין. מיינען מיינט מען דעם רעזשים, וואָס געוועלטיקט אין דער מעכטיקער און ברייטער אימפּעריע, וועלכע איז דעראָבערט געוואָרן דורך די צאַרן אין משך פון הונדערטער יאָרן, און איז אין אונזער צייט אויסגעברייטערט געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי, און האָט זיך, נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, אויסגעשפּרייט אויפן גרעסטן טייל פון די לענדער אין מזרח־אייראָפּע, אַריינעמענדיק מזרח־דייטשלאַנד.

און וואָס איז דער טייטש „ירושלים״? אויך דאָ מיינט מען נישט די שטאָט סתם, נאָר די דריי זאַכן, וואָס די הויפּט־שטאָט סימבאָליזירט אין אונזער צייט: דאָס אידנטום, וואָס מיינט, דאָס אידישע פּאָלק, דעם ציוניזם און מדינת ישראל.

מיר לעבן אין אַן אויפגעשטורעמטער, ערנסטער און סכנות־פולער תקופה. די סכנות דראָען דער גאַנצער מענטשהייט, אַלע פעלקער אין דער וועלט, אָן שום אויסנאַם (אפשר אויסער די איינוואוינער פון דער עקוואַטאָריאַלער אַפריקע), און אין דער ערשטער ריי, פאַרשטייט זיך, דעם „צעשפּרייטן און צעשפּליטערטן פאָלק״, און זיינע געשפּאַנטע און פאַרצווייפלטע אָנשטרענגונגען, וואָס ווערן געמאַכט אין משך פון די לעצטע דריי דורות, צוזאַמענצוקלייבן זיינע פאַרשטויסענע אין אַלטן היימלאַנד, און צו פאַרפעסטיקן זיין אומאָפּהענגיקייט און זיין גלייכהייט און זיין פרייהייט אין דער פעלקער־משפחה, און אויך צו פאַרזיכערן גלייכהייט, פרייהייט און פולע רעכט פאַר יעדן איד, וואו ער זאָל זיך נישט געפינען.

נישט נעכטן און נישט אייערנעכטן זיינען אַנטפּלעקט געוואָרן די האַרבקייטן און די סכנות אינם אַלעוועלטלעכן מצב, און די אַלוועלטלעכע און אידישע געשיכטע הייבט זיך נישט אָן מיטן פּראַגער פּראָצעס; און די באַוועגונגען, וועלכע זיינען טעטיק צווישן אונז, ווערן אויסגעפּרווט נישט נאָר לויט זייער שטעלונג און רעאַגירונג לגבי די לעצטע גרויל־געשעענישן אין פּראַג און אין מאָסקווע, נאָר לויט דער ליניע פון זייער מיושב'דיקן און דורכגעטראַכטן דענקען און טאָן אין דער, כלומרשט, „רואיקער צייט״ פון פאַר די „רייניקונגס״־פּראָצעסן און די בלוט־בלבולים.

אַוועקשטעלנדיק, מיט צוויי יאָר צוריק, פאַר דער ישראל'דיקער אַרבעטערשאַפט די פראַגע וועגן אונטערשיידונג צווישן ירושלים און דעם קרעמל, האָט דער פּרעמיער־מיניסטער דעפינירט די פּאָזיציע פון ישראל אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע.

בעת מיר ווענדן זיך פון דער פאַרגאַנגענהייט צו דער צוקונפט, האָט דעמאָלסט געזאָגט דער פּרעמיער־מיניסטער, שטויסן מיר זיך אָן, קודם־כל, אויף איין נישט לעזבאַרער פּראַגע, וואָס איר אַנטשיידונג ליגט נישט אין אונזערע הענט, דאָס איז די פראַגע פון שלום און מלחמה. דאָס איז די צענטראַלע פראַגע פון אַלע פעלקער

אין דער וועלט. עס איז נישטאָ קיין אומבאַדינגטע נויטווענדיקייט, אַז אַ מלחמה מוז אויסברעכן, אָבער קיין שום מענטש קען נישט ערב זיין, אַז דער אומגליק וועט נישט טרעפן, און יעדעס פאָלק ווערט דעריבער איצט אויפגעפאָדערט צו צוויי זאַכן: צו־צוגרייטן זיך מיט דער גאַנצער ענערגיע און מיטן שטאַרקסטן טעמפאָ צו יעדער צרה, וואָס קען קומען, און גלייכצייטיק פאַרזעצן און שטאַרקן די באַמיאונגען פאַרן שלום.

אָבער די שרעקן און זאָרגן פון דער גאַנצער וועלט, האָט צוגעגעבן דער פרעמיער־מיניסטער, שעפן נישט אויס אַלע זאָרגן און שרעקן, וואָס מיר האָבן; אויסער דער סכנה פון אַ וועלט־מלחמה, הענגט איבער אונזער קאָפּ נאָך אַ סכנה, די סכנה פון אַ „צווייטן גאַנג״, וואָס עטלעכע פון אונזערע שכנים, וועלכע ווילן נישט מאַכן שלום מיט ישראל, רעדן וועגן אים אויפן הויכן קול.

אויך דאָ איז נישטאָ קיין גרונט פאַר קיין בהלה, אויך דאָ דאַרף מען נישט אָנעמען, אַז מיר האַלטן ערב דער מלחמה, האָט געזאָגט דער פרעמיער־מיניסטער, וועלכער פאַרנעמט ביי אונדז אין דער מדינה, אויך דעם פּאָסטן פון זיכערהייטס־מיניסטער. אָבער אויך די אויסמיידונג פון אַ צווייטן גאַנג ליגט נישט אין אונזערע הענט, און אויך אין דעם פאַל דאַרפן מיר זיין גרייט אויף יעדער צרה, וואָס קען קומען. און מיר זיינען אויפגעפאָדערט צו דער העכסטער גרייטקייט — פאַרזעצנדיק, גלייכצייטיק, „די פרווון און אָנשטרענגונגען אויפצוהאַלטן און צו פאַרזיכערן דעם שלום און צו שליסן אַ פריינטלעכן פּאַקט מיט יעדן איינציקן פון אונזערע שכנים, וועלכער וויל עס״.

און דער זיכערהייטס־מיניסטער האָט דאָן געמאַכט אַן אונטערשייד צווישן דער פּאָזיציע פון ישראל אין מיטל־מזרח און אין דער גאַנצער וועלט; ער האָט געזאָגט: „געוויס ליגט נישט דער שליסל פון אַלוועלטלעכן שלום אין די הענט פון ישראל. מיר זיינען אַ קליין פאָלק, און כאָטש מיר זיינען נישט קיין נישטיקע צאָל און מיר זיינען נישט אָנמעכטיק, און אין מיטעלן מזרח זיינען מיר איינער פון די אַנטשיידנסטע פּאַקטאָרן אין מיליטערישער הינזיכט, פאַרנעמען מיר אָבער, פון שטאַנדפּונקט פון די כוחות־פאַרהעלטנישן אין דער וועלט, אַ זייער באַשיידענעם אָרט, און דער גורל פון שלום און מלחמה ליגט נישט אינגאַנצן אין אונזערע הענט. דער שליסל געפינט זיך אין אַנדערע הענט״.

„פאַראַן אין ישראל אַזעלכע, וואָס זוכן אַ באַהעלטעניש אין „נייטראַליטעט״. אָבער דידאָזיקע פאַרגעסן, אַז צו נייטראַליטעט, פּונקט, ווי צו מאַכן שלום, פאָדערן זיך צוויי צדדים. עס איז נישט גענוג, וואָס מיר ווילן זיין נייטראַל אין פאַל פון אַ וועלט־מלחמה. עס פאָדערט זיך, אַז אויך דער צווייטער צד — און דער צווייטער צד, אין דעם פאַל, איז די גאַנצע וועלט און די אַלע עווענטועלע קאַמף־צדדים אין דער וועלט — זאָלן מסכים זיין דערצו. און וואָס וועט זיין ווען איינער פון די קעמפנדיקע צדדים וועט זיך נישט באַציען מיט כבוד צו אונזער נייטראַליטעט און וועט זיך אַריינרייסן אין אונזערע גרענעצן, ווי עס האָט געטאָן דייטשלאַנד בעת דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה, און ווי עס האָבן געטאָן אַנדערע, וואָס האָבן זיך אַריינגעריסן אין די מדינות, קעגן וועלכע זיי האָבן נישט פראָקלאַמירט קיין מלחמה? וועלן מיר מקבל זיין אויף זיך די גזירה פון יעדער אינוואַזיע״?

2. „השומר הצעיר״ און מפ״מ וועלן זיך נישט קעגנשטעלן אַן אינוואַזיע פון די „רעוואָלוציאָנערע כוחות״

דער „השומר הצעיר״ האָט פעסטגעשטעלט מיט קלאָרקייט און זיכערקייט אַז ער איז מקבל די גזירה פון איין אינוואַזיע — אויב זי וועט קומען: אַ „רעוואָלוציאָנערע״ אינוואַזיע, און ער וועט זיך, בשום אופן, נישט קעגנשטעלן דער רויטער אַרמיי און די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס. די גאַנצע מפ״מ האָט פאַקטיש אַזוי דערקלערט אויף איר פאַרטיי־קאָנפערענץ, ריפטין האָט וועגן דעם דערקלערט אין כנסת, און די חברים פון מפ״מ האָבן עס נאָכאַמאָל פּראָקלאַמירט אויף זייער לעצטן ראַט, וואָס איז זיך צונויפגעקומען נאָכן פּראַגער פּראָצעס, אַז זיי וועלן קיינמאָל נישט קעמפן קעגן ראַטנ־פאַרבאַנד און די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס. און אויך נאָך די „רייניקונקען״, וואָס מען מאַכט אין מפ״מ און אין „השומר הצעיר״, האָבן מיר נישט געהערט, אַז אימיצער אין מפ״מ זאָל דערקלערן, אַז זיי וועלן פאַרטיידיקן מדינת ישראל קעגן י ע ד ן אָקופּאַנט, ווער עס זאָל נישט זיין.

און כל זמן מיר וועלן נישט הערן פון „השומר הצעיר״ אַ קאָמפּעטענטע דערקלערונג, וואָס איז מבטל און אַנולירט די פריערדיקע פּראָקלאַמירונגען, דאַרפן מיר אָננעמען אַלס אַן אומאָפּפרעגבאַרע טעזע, אַז „השומר הצעיר״ וועט נישט פאַר־טיידיקן מדינת ישראל קעגן אַן אינוואַזיע פון די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס, און אַז עס איז פאַראַן אַ גרונט־סתירה צווישן דער גרייטקייט צום ציוניזם און חלוציזם און צווישן דער איינגלידערונג אין דער „וועלט פון רעוואָלוציע״, און אַנשטאָט דעם ווערבאַלן „סינטעז״, מיט וועלכן עס פאַראַדירט דער קיבוץ הארצי, איז דאָ פאַראַן אַן אומפאַרמיידלעכער מוז פון פאַראַט אין איינעם פון די צוויי: אָדער אינם ציוניזם אָדער אין דער „רעוואָלוציאָנערישקייט״, און אומזיסט מיינט דער פאַרערטער פירער פון „השומר הצעיר״, מ. יערי, אַז „אונזער פיינט איז דער סינטעז צווישן דעם חלוצישן ציוניזם און דעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם״. אַזאַ סינטעז עקזיסטירט בלויז אין דער פאַנטאַזיע פון „השומר הצעיר״. אונזער שונא, און נישט בלויז דער שונא פון דער ישראל׳דיקער אַרבעטערשאַפט, נאָר דער שונא פון דער גאַנצער מדינת ישראל, איז די קלאָרע ס ת י ר ה צווישן דידאָזיקע צוויי. אמת, משה סנה פאַרזיכערט אונז, אַז די אַרמיי פון ראַטנפאַרבאַנד וועט זיך קיינמאָל נישט אַריינרייסן אין קיין שום פרעמד לאַנד, אָבער ער נאַרט זיך געוויס נישט אָפּ און ער טראַכט נישט, אַז אין לאַנד וועט זיך געפינען כאָטש איין מענטש מיט פאַרשטאַנד, וועלכער זאָל מיינען, אַז ד״ר סנה באַשטימט די פּאָליטיק פון ראַטנפאַרבאַנד און אַז ער ווייסט וואָס עס וועלן טאָן און וואָס עס וועלן נישט טאָן די הערשער פון מאָסקווע.

דער זיכערהייטס־מיניסטער האָט פעסטגעשטעלט, רעדנדיק מיט צוויי יאָר צוריק, וועגן דער פּאָזיציע פון ישראל אין דער וועלט און אין מיטל־מזרח, אַז „מיר דאַרפן זיין גרייט צו פאַרטיידיקן מיט אַלע כוחות און מיטלען, וואָס געפינען זיך אין אונזער רשות, צוויי זאַכן: אונזער אויסערלעכע סוווערעניטעט און אונזער אינערלעכע פרייהייט, אויב מען וועט זיי אָנגרייפן, און אַן אונטערשיד ווער עס זאָל נישט זיין דער אָנגרייפער. אַ פאָלק, וואָס איז נישט גרייט צו קעמפן פאַר דידאָזיקע צוויי זאַכן, איז זיין גורל אַ באַשטימטער: ער איז פאַר׳משפט צו אַ פּאָליטישן אונטערגאַנג״.

דער „השומר הצעיר" האָט זיך צוגעאײַלט און באַשלאָסן, אַז זײַן גרײטקײט צו פאַרטײדיקן מדינת ישראל איז אָפּהענגיק דערפון, װער עס װעט זײַן דער צד, װאָס װעט קעמפן קעגן איר. אָבער אַפילו דער „השומר הצעיר" האָט דערװײל נישט אָפּגעפסק'נט קײן דין, אַז מדינת ישראל דאַרף זיך נישט צוגרײטן, כּדי צו קענען זיך קעגנשטעלן קעגן אָנגריף פון אירע שכנים; — און כּדי עס זאָל װערן זײער קלאָר אָט דער ערנסטער ענין װעלכן מיר באַהאַנדלען, לאָמיר אױף אײן מאָמענט אָננעמען, אַז עס איז אומעגלעך און אַז מען קען גאָרנישט טראַכטן װעגן דעם, אַז איראַק אָדער סיריע, אָדער אַן אַנדערע אַראַבישע מדינה, זאָל זיך, פּלוצלינג, פון דער העלער הױט, פאַרװאַנדלען אין אַ „פאָלקס־דעמאָקראַטיע". און די חברים פון „השומר הצעיר" װעלן אין דעם פאַל, נישט געשטעלט װערן פאַר דער טראַגישער סתירה, צי דאַרפן זײ זיך שטעלן אױף דער זײַט פון „ציוניזם" אָדער אױף דער זײַט פון דער „װעלט פון רעװאָלוציע". לאָמיר אָבער אױפקלערן דעם פּראָבלעם אין זײַן גאַנצער פּשוטקײט און אין דער ראַם פון דער איצטיקער װירקלעכקײט: װאָס איז די שטעלונג פון „השומר הצעיר", פּראַקטיש און טעאָרעטיש — לגבי דער צוגרײטונג פון מדינת ישראל צו פאַרטײדיקן זיך קעגן אַן אָנגריף פון די אַראַבישע מדינות, אַזױ װי זײ זײַנען; און לאָמיר בכלל נישט נעמען אין באַטראַכט די ענדערונגען און איבערבײטן, װאָס קומען פאָר אַ סך און שנעל אין דידאָזיקע מדינות, צי דאָס איז צוליב די אינערלעכע צוזאַמענשטױסן צװישן זיך זעלבסט, אָדער צוליב אױסערלעכע השפּעות; לאָמיר אױך נישט נעמען אין באַטראַכט די איבעראַנדערשונגען, װעלכע זײַנען שױן פאָרגעקומען ביז איצט און װעלכע קענען נאָך פאָרקומען.

די פראַגע צעטײלט זיך אױף צװײ: א) צי עקזיסטירט לגבי דער זיכערהײט פון ישראל אַ „סתירה צװישן דעם קרעמל און ירושלים", און דער „סינטעז" צװישן דעם חלוצישן ציוניזם און דעם רעװאָלוציאָנערן סאָציאַליזם איז אױך אין דעם פאַל, אַ שרײַענדיקער װידערשפּרוך? ב) צי דערמעגלעכט די אױסערן־פּאָליטישע ליניע פון „השומר הצעיר" און מפּ"ם — דער מדינת ישראל צוצוגרײטן זיך און אױסהאַלטן אַן אָנגריף פון אַראַבישע שכנים?

לאָמיר אָנהײבן אױפקלערן די פראַגע א' — צי איז פאַראַן אַ סתירה צװישן דעם קרעמל און צװישן ירושלים, װי עס האָט גע'טענה'ט דער פּרעמיער־מיניסטער מיט צװײ יאָר צוריק, אָדער עס איז נישטאָ קײן סתירה, װי עס האָט פאַרזיכערט מ. בנטוב מיט אַ חודש שפּעטער.

די זיכערהײט פון דער מדינה איז אָפּהענגיק — קודם כּל — אינעם מענטשן־פּאָטענציאַל. עס איז אַלעמען באַװוּסט, אַז די פינף אומאָפּהענגיקע אַראַבישע מדינות (מצרים, איראַק, עבר־הירדן, סיריע און לבנון, װען מען פאַררעכנט, אַפילו, נישט סעודיה און ליביע) האָבן אַ באַפעלקערונג פון העכער צװאַנציק מאָל אַזױ גרױס װי די איצטיקע באַפעלקערונג פון מדינת ישראל; אין דער צײַט פון דער באַפרײַונגס־מלחמה איז דער אונטערשײד געװען צװײ מאָל אַזױ גרױס, װי איצט. די פולע געשיכטע פון אונזער מלחמה איז נאָך נישט אָנגעשריבן געװאָרן, יעדנפאַלס, איז זי נאָך נישט פאַרעפנטלעכט געװאָרן, כאָטש מיר האָבן שױן אַ גענוג גרױסע און װיכטיקע ליטעראַטור װעגן דער געשיכטע פון אײנצלנע קאַמפן פון ישוב־פּונקטן און פון מיליטערישע אײנהײטן. און דער שרײַבער פון די שורות קען זיך שטיצן

בלויז אויף פאַקטן, וועלכע זיינען אַלעמען באַקאַנט און אויפן מאַטעריאַל, וואָס איז ביזן היינטיקן טאָג פאַרעפנטלעכט געוואָרן.

אין דער באַפרייאונגס־מלחמה האָבן זיך באַטייליקט נישט בלויז די איינוואוינער פונם „ישוב״, וועלכע האָבן זיך געפונען אין לאַנד און די נייע עולים, וועלכע האָבן באַוויזן אָנצוקומען אין לאַנד בעת דער מלחמה. אין דעם איבערבליק „קיבוץ גלויות און מיליטער״, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן דורכן זיכערהייטס־מיניסטער דעם 3.1.49 אויפן צו/אַמענפּאַר פון גח״ל־זעלנער, פאַרן סוף פון די קאַמפן („בהילחם ישראל״, זייט 343) איז אונז דערציילט געוואָרן, אַז אין דער פאַרטיידיקונגס־אַרמיי פון ישראל האָבן זיך באַטייליקט פרייוויליקע פון צוויי־און־פופציק לענדער: 21 לענדער פון אייראָפּע, 14 — פון אַמעריקע, 10 — פון אַפריקע, 5 — פון אַזיע, 2— פון אויסטראַליע און ניו־זעלאַנד. עס איז באקאנט די הילף, וואָס דער צה״ל האָט באַקומען דורך די פרייוויליקע, וואָס האָבן געהאַט אַ פאַכמענישע און מיליטעריש־גרויסע אויס־בלידונג (פליער, טאַנקען־שאָפערן, אַרטילעריסטן און פון אַנדערע פאַכן), וועלכע זיינען געקומען פון דרום־אַפריקע, ענגלאַנד, קאַנאַדע, פאַראייניקטע שטאַטן א.אַ.וו. עס זיינען אויך באַוואוסט אַנדערע פאַלן, איינצלנע אָבער וויכטיקע פאַלן, אַז אידישע אָפיצערן מיט אַ גרויסער אויסבילדונג, וועמען איז געלונגען אין יענער צייט, צו פאַרלאָזן ראַטנפאַרבאַנד און זיך אָנשליסן אין דער ישראל׳דיקער פאַרטיידיקונגס־אַרמיי.

דער בולטסטער פאַל אפשר פון די אויסלענדישע פרייוויליקע איז דער קאָלאָנעל דוד מאַרקוס (וועלכער איז געווען באַקאַנט אין לאַנד אונטערן נאָמען מיקי) פון אַמעריקע, וועלכער איז געווען דער קאָמענדאַנט פון ירושלים—לאַטרון־פראָנט פאַרן ערשטן וואָפן־שטילשטאַנד.

קיין שום בר־דעת, אַפילו, ווען ער איז נישט קיין מיליטערישער ספּעציאַליסט, וועט נישט טראַכטן, אַז די שוואַכקייטן און פעלערן, וואָס עס האָבן אַרויסגעוויזן די אַראַבישע אַרמייען אין דעם „ערשטן גאַנג״, מוזן זיך איבער׳חזר׳ן אויך אינם „צווייטן גאַנג״. מיר דאַרפן אָנעמען, אויב מיר זאָרגן באמת פאַר אונזער זיכערהייט, אַז אויך אונזערע שכנים האָבן עפּעס געלערנט פון זייער דורכפאַל און זיי זיינען נישט פאַר־בליבן אין דעמזעלבן מצב, ווי זיי זיינען געווען דאַמאָלסט. פון זינט דער באַפרייאונגס־מלחמה איז די פולע מאַכט אין צוויי אַראַבישע לענדער -- סיריע און מצרים — איבערגעגאַנגען אין די הענט פון מיליטערישע קאָמאַנדירן, וועלכע האָבן זיך באַ־טייליקט אין דער ישראל־אינוואַזיע און געליטן אַ מפּלה; און מען קען אָנעמען מיט אַבסאָלוטער זיכערהייט, אַז זייער ערשטע זאָרג, איז ווי אַזוי צו פאַרפעסטיקן דעם מיליטערישן כוח אין זייערע לענדער. און אָט דער געדאַנק באַגרעניצט זיך נישט בלויז אויף דידאָזיקע צוויי מדינות, אויך אין עיראַק און אין עבר־הירדן מאַכט מען כסדר׳דיקע אָנשטרענגונגען, כדי צו פאַרפולקאָמען דעם מיליטערישן כוח, און עס קומען פאַר אָפטע באַראַטונגען, לויט ווי מיר לייענען אין דער פרעסע, צווישן די הויפּט־קאָמאַנדירן פון די גענעראַל־שטאַבן פון אַלע אַראַבישע לענדער, און מען קען זאָגן אויף זיכער, אָן שום חשש פאַר אַ טעות, אַז דידאָזיקע באַראַטונגען און מיליטערישע אָנשטרענגונגען ווערן נישט געמאַכט צוליב אַ מלחמה קעגן דעם „מערב־אימפּעריאַליזם״ און נישט קעגן דעם „היימלאַנד פון זיך־פאַרווירקלעכנדן סאָציאַליזם״.

און כאָטש די כוחות־פאַרהעלטנישן פון די באַפעלקערונגען האָבן זיך אין די

לעצטע פיר יאָר געענדערט לטובת אונז, און די איבערשטייגונג פון 40 קעגן 1 איז אַראָפּגעפאַלן אין די פינף שכנות'דיקע לענדער ביז 20 קעגן 1, — איז דאָך אָבער אויך דערדאָזיקער אונטערשייד מעכטיק און שרעקלעך. און אין פאַל פון אַ „צווייטן גאַנג״ — וועט אונזער פּאַרטיידיקונגס־פּעאיקייט זיין נישט ווייניק אָפּהענגיק אויך אין דער מעגלעכער פּרייוויליקער מאָביליזאַציע פון די גלות־לענדער.

צי קען אַ איד, וועלכער איז געטריי דער זיכערהייט פון דער מדינה, און ווען אפילו אין דער באַגרעניצטער מאָס, ווי עס איז אַנגענומען אויך ביי די חברים פון „השומר הצעיר״, דאָס הייסט, אין פאַל פון אַ צווייטן גאַנג, — צי קען ער זאָגן אָפנהאַרציק און מיט אַ ריין געוויסן, אַז עס איז נישטאָ קיין שום „סתירה צווישן דעם קרעמל און צווישן ירושלים״?

3. פונוואַנען קען ישראל דערוואַרטן הילף אויפן מיליטערישן געביט?

מיר באַ'עוול'ען באַוואוסטזיניק ד'עם אמת, און מיר באַגרעניצן דידאָזיקע פראַגע בלויז צו דעם פּראָבלעם פון זיכערהייט. אויב „ירושלים״ איז דער טייטש אידנטום, ציוניזם און מדינת ישראל — געפינט מען אין יעדן ווינקל און אין יעדן בויטוועבדיקן ענין אַ שרייענדיקן ווידערשפּרוך צווישן דעם קרעמל און ירושלים. אָבער דאָסמאָל וועלן מיר זיך באַגרעניצן באַוואוסטזיניק נאָר אויף די זיכערהייטס־ענינים, און אויפן זיכערהייטס־געביט וועלן מיר זיך באַגנוגענען בלויז מיט די באַדערפענישן פון זיכערהייט אין פאַל פון אַ „צווייטן גאַנג״, און נישט פון אַ וועלט־מלחמה.

און פון אָט דעם באַגרעניצטן שטאַנדפּונקט פרעגן מיר — אין דידאָזיקע פראַגע דערגרייכט ביז די סאַמע טיפענישן, ווייל די זיכערהייט איז די פראַגע פון אונזער עקזיסטענץ, פון אונזער לעבן. — פשוט און פּראָסט: צי איז ווירקלעך נישטאָ קיין סתירה צווישן דעם קרעמל און צווישן ירושלים, ווי עס טענה'ט בנטוב אין נאָמען פון „השומר הצעיר״?

צי וועלן קענען קומען צו אונז פליער, טאַנקיסטן, ראַדיסטן, אַרטילעריסטן, קאָמאַנדירן און פשוט'ע זעלנער, בעת אַ סכנה, פון דעם אידנטום, וואָס לעבן אין דער „וועלט פון רעוואָלוציע״ — אַזוי ווי זיי וועלן קענען קומען פון אַלע איבעריקע גלות־לענדער? צי איז דער מצב פון די אידן אין ראַטנפאַרבאַנד און אין די „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס״ — אין אָט דער היינטיקער! — נישט ענלעך אין אַלץ צו דעם מצב פון די אידן אין די אַראַבישע לענדער, וואָס ווילן אונז פאַרניכטן? צי האָט דער איד אין רוסלאַנד דאָס רעכט צו קומען צו הילף ישראל, וועלכע קעמפט פאַר איר עקזיסטענץ, — פונקט, ווי עס האָבן דאָס רעכט די אידן פון די מערב־לענדער? צי האָבן נישט אין זיך בנטוב'ס פאַרפירערישע ווערטער, נישט בלויז, נישט אמת'דיי־קייט, נאָר אויך אַ בייזוויליקע נעגאַציע פון דעם עקזיסטענץ־פּראָבלעם פון מדינת ישראל, פונם ציוניזם און פון אידישן פאָלק? און דאָס מאָל פאַרנעמען מיר זיך נישט מיט דער אַנטיציוניסטישער אידעאָלאָגיע פון ראַטנפאַרבאַנד, דאָס מאָל אינטערעסירט זי אונז נישט. מיר קענען נישט קיין ציוניסטישע אידעאָלאָגיע, וואָס זאָל הערשן אין די מערב־לענדער, כאָטש עס איז נישטאָ קיין שום אַנדערע מדינה, אויסער אינם סאָוויעטישן בלאָק און אין דער אַראַבישער ליגע, וואָס זאָל פּרעדיקן אַן אַנטי־ציוניסטישע אידעאָלאָגיע. עס רעדט זיך דאָ וועגן עלעמענטאַרן און נאַטירלעכן רעכט

פון יעדן איד, וואו ער זאָל זיך נישט געפינען, צו קומען צו הילף זיין פאָלק, ווען ער געפינט זיך אין אַ סכנה פון אויסראָטונג און פאַרניכטונג; דידאָזיקע רעכט איז צוגעריבט געוואָרן דורכן קרעמל ביי אַלע אידן, וואָס געפינען זיך אין זיין רשות. קיין שום אַנדער לאַנד, אויסער די אַראַבישע לענדער, האָט נישט צוגענומען דידאָזיקע רעכט פון די אידן, וועלכע געפינען זיך דאָרט, כאָטש אויך אַנדערע לענדער האַלטן נישט פון דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע. דידאָזיקע רעכט עקזיסטירט דאָרט, ווייל אין יענע לענדער איז דאָ מענטשלעכע פרייהייט, וועלכע איז נישט פאַראַן אין ראַטנ־פאַרבאַנד און אין די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס.

עס זיינען פאַראַן מדינות, וואָס די בירגערשאַפט אין זייער לאַנד ווערט געגעבן מיטן באַדינג נישט צו דינען אין פרעמדע אַרמייען; און פאַר די אידן פון דידאָזיקע לענדער, וועלכע וועלן פרייוויליק אַריינטרעטן אין צה״ל, וועט שטיין די ברירה: בלייבן בירגער אין זייער לאַנד און זיך נישט מאָביליזירן פרייוויליק, אָדער יאָ זיך פרייוויליק מאָביליזירן אין דער ישראל׳דיקער פאַרטיידיקונגס־אַרמיי און מוותר זיין אויף זייער בירגעשאַפט, אָבער די ברירה ליגט אין די הענט פונם איד. דיאָזיקע ברירה איז צוגענומען געוואָרן פון יעדן איד אין ראַטנפאַרבאַנד, און דער קרעמל האָט אויסגעמעקט פון דער ישראל׳דיקער זיכערהייטס־מאַפּע — צוויי און אַ האַלבן מיליאָן אידן, און דער „השומר הצעיר“ זעט אין דעם נישט קיין שום סתירה צו „ירושלים“.

די צוגרייטונג פון ישראל קעגן דעם אָנגריף פון אירע שכנים פאַרפליכטעט אַ קוואַליטאַטיווע פאַרפולקאָמונג פון צה״ל ביזן העכסטן מאַקסימום, ווייל מיט אונזער קוואַנטיטעט, וועלן מיר זיך קיינמאָל נישט קענען פאַרגלייכן מיט אונזערע שכנים. די פאַרפולקאָמונג פון קוואַליטעט האָט אַ סך באַדייטונגען, דאָסמאָל וועלן מיר זיך אָפּשטעלן בלויז אויף דער פאַכמענישער קוואַליטעט — מיליטערישער און טעכנישער. מדינת ישראל עקזיסטירט בלויז 4—5 יאָר, און דערווייל פאַרמאָגט זי נאָך נישט קיין הויכע און פאַרפולקאָמענדע בילדונגס־אינסטיטוטן אין אַלע מיליטער־צווייגן, און מיר נויטיקן זיך אין די בילדונגס־אינסטיטוטן פון אַלטע און אַנטוויקלטע מדינות. די אידן אין די תפוצות, צו וועלכע מיר ווענדן זיך מיט דעם גרעסטן טייל פון אונזערע פאָדערונגען, קענען נישט באַפרידיקן דידאָזיקע באַדערפנייש אונזערע, ווייל נאָר מדינות האָבן מיליטערישע בילדונגס־אינסטיטוטן, און דעריבער, אין אָט דעם פונקט, נויטיקן מיר זיך אין דער הילף פון פרעמדע מדינות.

ראַטנפאַרבאַנד איז געשלאָסן פאַר אידן (און נישט פון נעכטן) אין צוויי ריכטונגען גלייכצייטיק: די רוסישע אידן קענען נישט אַרויס, די אידן אויסער רוסלאַנד קענען נישט אַריין. אַלע ווענדונגען מיט וועלכע די „ירושלים“־רעגירונג האָט זיך געווענדעט צו דער „קרעמעל“־רעגירונג אין דידאָזיקע ענינים — זיינען פאַרבליבן אָן אַן ענטפער. אַפילו מפ״מ, וועלכע וויל פאַרפולקאָמען אירע חברים אין אויסלאַנד — שיקט זיי נישט קיין מאָסקווע, נאָר קיין ענגלאַנד אָדער קיין אַמעריקע. נישט, חלילה, צוליב שנאה צו מאָסקווע, נאָר צוליב דעם, וואָס דער וועג איז פאַר איר פאַרמאַכט, אַזוי ווי פאַר יעדן אַנדערן איד. און צה״ל איז פאַרפליכטעט צו שיקן זיינע בעסטע קאָמאַנדירן און מיטאַרבעטער צו פאַרפולקאָמען זיך אין אויס־

לאַנד — און די איינציקע וועלט, וועלכע איז אָפן פאַר אונז איז די מערב־וועלט, און אויך זי איז נישט אָפן ביי אַלע באַדינגונגען. די בילדונגס־אינסטיטוטן שטייען נישט אָפן פאַר די שונאים פון דידאָזיקע מדינות. די מערב־לענדער, כאָטש זיי זיינען קריסטלעכע, האַלטן נישט פון אונטערשטעלן די צווייטע באַק ווען מען פאַטשט, אָדער מען פרווּוט פאַטשן די ערשטע. זיי טוען דוקא פאַרקערט, זיי גיבן צוריק איןביידע באַקן. און אויב עס איז נישטאָ קיין שום מעגלעכקייט צו געניסן פון די מיליטערישע בילדונגס־אינסטיטוטן אין ראַטנפאַרבאַנד, מוז מען זיך ווענדן צו אַנדערע ערטער. און דאָס איז נאָר מעגלעך, אויב מען האַלט אונטער פריינטשאַפט־באַציאונגען מיט דידאָזיקע לענדער.

די ליניע וואָס „השומר הצעיר" און מפ"מ ווילן אָנצייכענען פאַר די ישראל'דיקע אַרבעטער, יוגנט און פאָלק, איז די ליניע פון דער אידענטיפיצירונג מיט די „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס". אין זייער פרומער איבערגעגעבנקייט צו אָט דער ליניע האָבן זיך די חברים פון מפ"מ צוגעאיילט צו פראָקלאַמירן (כאָטש אָן שום קאָמפּעטענץ און באַפולמעכטיקונג), אַז די „אַרבעטער, זעלנער און אינטעליגענץ אין ישראל וועלן קיינמאָל נישט קעמפן קעגן ראַטנפאַרבאַנד", נישט פראָקלאַמירנדיק אין דער זעלבער צייט, אַז זיי וועלן אויך נישט קעמפן קעגן ענגלאַנד, אַמעריקע, פראַנקרייך און אַנדערע מדינות, וועלכע זיינען נישט אונטערגעוואָרפן דעם סאָוויעטישן בלאָק. דידאָזיקע ליניע שליסט אָפּ יעדע מעגלעכקייט פאַר דער ישראל'דיקער פאַרטיידיקונגס־אַרמיי צו פאַרפולקאָמען זיך אין וועלכן עס איז לאַנד, אַזוי לאַנג, ווי ישראל האָט זיך נאָך נישט פאַרוואַנדלט אין אַ „פאָלקס־דעמאָקראַטיע". — און די חברים פון „השומר הצעיר" האָבן אונז נישט אויפגעקלערט, ווי אַזוי וועלן מיר זיך צוגרייטן צו קענען קעגנשטעלן זיך דעם אַראַבישן אָנגריף, — אויב אַזאַ אָנגריף וועט קומען איידער מיר וועלן ווערן אַ „פאָלקס־דעמאָקראַטיע", און אָן אַ צוגאָב פון מענטשן־פּאָטענציאַל פון דעם גלות־אידנטום און אָן דער מעגלעכקייט פון פאַרפולקאָמען זיך פון אונזער מיליטער, און דידאָזיקע צוויי מעגלעכקייטן געפינען זיך נאָר אין די לענדער, וועלכע זיינען נישט אונטערגעוואָרפן דעם סאָוויעטישן בלאָק.

#### 4. וואָס איז געווען מיט וואָפן און וואָס וועט זיין?

אָבער בלויז מיט מענטשן־פּאָטענציאַל, און ווען אַפילו דער צומבעסטן אויסגעבילדעטער, קען מען נישט פירן קיין מלחמה. דערצו פאָדערט זיך אַמוניציע, און אין דער ערשטער ריי, געווער.

צווישן אַלע פּרעכטיקע קאַפּיטלען פון דער באַפרייאונגס־מלחמה — איז איין קאַפּיטל נאָך ביז איצטער זייער ווייניק באַקאַנט. דאָס איז דער קאַפּיטל וועגן דער באַוואָפנונג פון צה"ל ערב דער מלחמה, בעת און נאָך דער מלחמה. דער שרייבער פון די שורות האָט נישט קיין טענות צו די היסטאָריקער און ספּעציאַליסטן אין דער זאַך, וואָס זיי האָבן נאָך ביז איצט נישט דערציילט, ווי אַזוי האָט זיך באַוויזן צו באַוואָפנען דער צה"ל בשעת דער מלחמה גופא. מען דאַרף אָנעמען, אַז עס זיינען פאַראַן סיבות דערצו. אָבער עפּעס ווייסט אַפילו דער פשוט'ער לעזער, וואָס אָריענטירט זיך אין ליטעראַטור, וועלכע באַהאַנדלט דידאָזיקע „ענינים", אויך די חברים פון דער „הגנה" ווייסן עפּעס וועגן דעם.

יעדער ווער עס איז געווען אַ חבר אין דער הגנה פאַר דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה ווייסט אַז די „הגנה״ האָט זיך באַשעפטיקט סיי מיט דערווערבן געווער („רכש״) און סיי מיט שאַפן געווער („תעש״), און כאָטש די מיטלען זיינען געווען זייער אָרעמע און די באַדינגונגען פון אונטערערדישער אַרבעט האָבן געשטערט די ביידע אונטערנעמונגען, זיינען דאָך אויף דעם געביט אויפגעטאָן געוואָרן גרויסע זאַכן. און דאָס געווער פון אונטערערד האָט דעמאָנסטרירט זיין כוח אין יאָר 1929, אין די יאָרן 8—1936 און אין די ערשטע קאַמפן פון דעצעמבער 1947 ביז דעם 15־טן מאַי 1948. אָבער וואָס איז געווען די קוואַנטיטעט און די קוואַליטעט פון דעמדאָזיקן געווער?

פון דעם ביז איצט פאַרעפנטלעכן מאַטעריאַל דערוויסן מיר זיך, אַז אין אַפּריל 1947, ווייניקער ווי אַ יאָר פאַר דער באַפרייאונגס־מלחמה, האָבן זיך געפונען אין רשות פון דער „הגנה״ נישט מער ווי 10.073 ביקסן (8.720 אין די ישובים און 1.353 — אינם רשות פון צענטר), 1.900 סטענען, 444 קוילן־וואַרפער, 186 מאַשין־געווער, 672 גראַנאַטן־שליידערער פון צוויי אינטש, 96 גראַנאַטן־שליידערער פון דריי אינטש און אַ געוויסע צאָל גראַנאַטן און אויפרייס־מאַטעריאַל. עס איז נישט געווען, פאַרשטייט זיך, קיין איין האַרמאַט און קיין שווער מאַשין־געווער, און קיין שום אַנטי־לופט געווער און אַנטי־טאַנקען געווער. עס זיינען אויך נישט געווען קיין טאַנקען, קיין קריגס־עראָפּלאַנען און קיין קריגס־שיפן, און עס זיינען כמעט אויך נישט געווען קיין קאָמוניקאַציע־מיטלען אויף דער יבשה, („בהילחם ישראל״, זייט 192).

ווער עס האָט בייגעוואוינט דעם ערשטן מיליטערישן פּאַראַד, וואָס איז פאָר־געקומען אין „יום־הרצל״, דעם 27.7.48, אין דער וואַפנשטילשטאַנד־תקופה, אַ סך צייט פאַר דער פאַרענדיקונג פון די קאַמפן, האָט געזען אין די תל־אביב׳ער גאַסן אַ מעכטיקע מאַניפעסטאַציע פון האַרמאַטן פון פאַרשידענע סאָרטן, טאַנקען, שווערע מאַשין־געווער, און קריגס־עראָפּלאַנען, וועלכע זיינען געפלויגן איבער אונזערע קעפּ. אין די יאָר־טעג פון דער אומאָפּהענגיקייט, וואָס זיינען נאָכדעם געווען פיל מאָל, האָבן מיר געזען נאָך אַ מער הערלעכן און אימפּאָזאַנטן מיליטערישן פּאַראַד.

קען זיין, אַז עפּעס פון דעמדאָזיקן וואָפן איז געשאַפן געוואָרן אין לאַנד, אָבער עס איז נישטאָ קיין שום ספק, אַז די עראָפּלאַנען און די טאַנקען און די האַרמאַטן און די שווערע מאַשין־געווער (און אפשר נישט בלויז שווערע) און די פּאַנצערס און קריגס־שיפן און די פּולצאָליקע און פאַרצווייגטע מיליטערישע אַמוניציע זיינען גע־בראַכט געוואָרן פון אויסלאַנד. האָבן מיר דערגרייכט אָט דעמדאָזיקן גאַנצן פאַרמעגן גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין?

מיר האָבן געהערט ווען די ביקסן און עטלעכע מאַשין־געווער און קריגס־עראָפּלאַנען, וואָס זיינען דערוואָרבן געוואָרן אין טשעכיע — אין דער צייט ווען יאַן מאַסאַריק, און נאָך אים, וולאַדימיר קלעמענטיס, זיינען געווען אויסערן־מיניסטאָרן פון אָט דער מדינה; דער ערשטער, ווען טשעכיע איז געווען סתם דעמאָקראַטיש, און דער צווייטער — ווען זי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „פאָלקס־דעמאָקראַטיע״; און יעדער מענטש געדענקט מיט דאַנקבאַרקייט דידאָזיקע הילף, און טרויערט אויפן פּלוצלינגן און מיסטעריעזן טויט פון יאַן מאַסאַריק און אויף דעם תליה־טויט, וואָס איז נגזר געוואָרן אויף קלעמענטיס׳ן אין פּראַגער פּראָצעס.

אָבער אויך מאַסאַריק און קלעמענטיס האָבן אונז נישט געגעבן דעמדאָזיקן וואָפּן אָן געלט, און ווי אַלע ווייסן — האָבן זיי געפּאָדערט, אַז מען זאָל זיי באַצאָלן דערפאַר — נישט אין טשעכישע קראָנען און נישט אין סאָוויעטישע רובלס, נאָר אין אַמעריקאַנישע דאָלאַרן, און מיט גרויס פאַרגעניגן האָט מען זיי באַצאָלט אין אַמעריקאַנישע דאָלאַרן, און אויך דאָס איז באַוואוסט, אַז אַמעריקאַנישע דאָלאַרן דרוקט מען נישט אין מדינת ישראל, און עס איז פאַראַן נאָר איין לאַנד אין דער וועלט, וואו מען קען זיי באַקומען.

אָבער דאָס איז נאָך נישט די גאַנצע מעשה. אויסער ביקסן און עטלעכע מאַשין־געווער און קריגס־אַעראָפּלאַנען האָבן מיר געזען אויף אונזערע מיליטערישע פּאַראַדן, האַרמאַטן פון אַלע סאָרטן, פעלד־האַרמאַטן און האַרמאַטן קעגן טאַנקען און קעגן אַעראָפּלאַנען; מיר האָבן געזען טאַנקען און שווערע טאַנקען, לייכטע און שווערע באָמבן־וואַרפער, און גרויסע קריגס־אַעראָפּלאַנען און קריגס־שיפן, און נאָך און נאָך; מען האָט אונז נאָך נישט דערציילט, ביז היינטיקן טאָג, פון וואַנען איז געקומען דאָסדאָזיקע שווערע געווער, אָבער עס איז קלאָר, אַז עס נישט געקומען פון טשעכיע, און דערצו איז דאָ אַ קלאָרער באַווייז: די חברים פון „השומר הצעיר" דערמאָנען אונז בייטאָג און ביינאַכט „די רעדע פון גראָמיקאָ", — און פאַרעכענען ווי די מק"י־לייט דעם גאַנצן נצחון קעגן היטלער בלויז אויפן חשבון פון דער סאָוויעטישער אַרמיי, ווי עס וואָלט נישט עקזיסטירט ענגלאַנד, וועלכע האָט איינזאַם געקעמפט קעגן די נאַציס ווען עס האָט נאָך עקזיסטירט דער פּאַקט צווישן היטלער און סטאַלין, און ווי אַמעריקע וואָלט נישט מאָביליזירט און געשיקט צו אַלע פראָנטן אין דער וועלט — אין אייראָפּע, אין אַפריקע און אין אַזיע, מיליאָנען זעלנער און נישט געגעבן רוסלאַנד איר ברייטהאַרציקע הילף, און ווי מערב־ און מזרח־אייראָפּע און גאַנץ אַפריקע און אַזיע וואָלטן נישט באַפרייט געוואָרן פון היטלער'ס לעגיאָנען און זיינע פאַרבינדעטע — דער עיקר, דורך די אַרמייען פון אַמעריקע און ענגלאַנד; אָבער, אַפילו, „השומר הצעיר" פאַרעכנט נישט דאָס איבעריקע געווער פון צה"ל אויפן חשבון פון טשעכיע אָדער ראַטנפאַרבאַנד, און דאָס קען אונז באַווייזן, אַז דאָס־דאָזיקע גאַנצע געווער איז געקומען פון מערב־לענדער. און אויך אין די לענדער — און אין דער הינזיכט איז נישטאָ קיין אונטערשייד צווישן מזרח און מערב — האָבן מיר געמוזט באַצאָלן מיט מזומנים, און מען זאָגט, אַז אויך דאָ האָט מען געמוזט, בעיקר, צאָלן מיט דאָלאַרן, וואָס זייער מקור איז אַמעריקע.

עס איז אָן צווייפל, אַז אַ גרויסן טייל פון דידאָזיקע הוצאות האָבן אויסגעטראָגן די ישראל־בירגער. אָבער אויך מענטשן, וועלכע האָבן נישט געהאַט די זכיה צו קענען אַלע סודות פון דער הערלעכער זעלבסטשוץ־אַקציע און זיי קענען נישט אַלע פּרטים פון דעם מעכטיקן און רעטונגספולן ווערק פון „רכש", ווייסן זיי אָבער, אַז אָן דער הילף פון די אידן אין דער וועלט, וואָלטן מיר נישט באַוויזן צו דערווערבן דאָס געווער אין טשעכאָסלאָוואַקיע און אויך נישט דאָס געווער פון די מערב־לענדער. און דידאָזיקע הילף איז געקומען, בעיקר, פון אַמעריקע, און אָן דעם גוטן ווילן פון דער אַמעריקאַנישער רעגירונג, וואָלט מען זיי נישט געקענט באַקומען אַפילו פון די אַמעריקאַנישע אידן.

און ווידער טאָר קיין שום פאַראַנטוואָרטלעכער מענטש נישט אָנעמען, אַז די

שכנים שטייען אָפּ אין זייער באַוואָפּנונג אין פאַרגלייך מיט ישראל. מיר זעען די פּאַראַדן פון צה״ל אין יאָר־טאָג פון דער אומאָפּהענגיקייט און אונזער האַרץ ווערט איבערפולט מיט פרייד פון דעם הערלעכן בילד, אָבער מיר זיינען נישט אָנווענזנד אויף די פּאַראַדן פון די אַראַבישע אַרמייען, און יעדער פאַרשטענדיקער צייטונגס־לייענער, וועט אָן ספק איינזען, אַז אין די אַראַבישע לענדער קומט פאָר אַ פאַר־שנעלערטער און כסדר׳דיקער פּראָצעס פון אַ פאַרשטאַרקטער באַוואָפּנונג: און מיר בויטיקן זיך נישט נאָר אין אַ פאַרפולקאָמונג פון פּאַכמענישער קוואַליטעט פון אונזער אַרמיי, נאָר אויך אין איר געוועגנדער מיליטערישער אויסשטאַטונג און באַוואָפּנונג, און דידאָזיקע אַמוניציע מוז קומען נאָר פון אויסלאַנד.

5. אין קעגנזאַץ צום עלעמענטאַרסטן אינטערעס פון מדינת ישראל

צוויי און אַ האַלב מיליאָן אידן געפינען זיך אונטער דער הערשאַפט פונם „קרעמל״, כמעט, אַ פערטל פון אידישן פאָלק אין דער וועלט. „ירושלים״ בויטיקט זיך צוליב איר זיכערהייט און פיזישער עקזיסטענץ, אין דער הילף פון דעמדאָזיקן פאָלק. דער „קרעמל״ האָט אָפּגעהאַלטן אַ פערטל פון אידישן פאָלק, נישט בלויז פון צו העלפן מיט זיין קערפּער, נאָר אויך מיט זיין געלט און מיט זיין בילדונג — דער זיכערהייט פון ישראל. דידאָזיקע אָפּהאַלטונג איז נישט געקומען נאָך דעם איבערייס פון די באַציאונגען אין איצטיקן חודש, אויך נישט מיט צוויי יאָר צוריק, נאָר זי עקזיסטירט אַזוי לאַנג, ווי עס עקזיסטירט דער סאָוויעטישער רעזשים, און זי איז געקומען פאַר דער „רעדע פון גראָמיקאָ״ און זי איז נישט בטל געוואָרן און נישט ווייכער געוואָרן, אַפילו אויף קיין איין האָר, אין דער צייט פון דער „רעדע״ און אויך נישט נאָך איר.

דאָס רוסישע אידנטום איז אָפּגעריסן פון „ירושלים״, דאָס הייסט, פון מדינת ישראל, פון דעם אידישן פאָלק, פון ציוניזם, נישט צוליב אַפּאַטישקייט, נישט צוליב אַסימילאַציע־טענדענצן, נישט צוליב אַנטי־ציוניזם; כאָטש עס איז נישטאָ קיין ספק, אַז עס זיינען פאַראַן צווישן די רוסישע אידן, ווי עס זיינען פאַראַן צווישן אידן אין אַנדערע לענדער, דידאָזיקע אָפּפרעמדונגס־טענדענצן. אַזעלכע טענדענצן זיינען אויך פאַראַן ביים אידנטום פון דער גרויסער אַמעריקע. אָבער נאָר אַזאַ איינער, וואָס איז גרייט אכזריות׳דיק אָפּצושפּאָטן פונם טרויער און אומגליק פון די רוסישע אידן, זאָגט צוזאַמען מיט די מק״י־לייט, אַז די רוסישע אידן האַלטן זיך נישט פאַר קיין אינטעגראַלן טייל פון אידישן פאָלק, און אַז אין רוסישן אידנטום איז פאַרלאָשן געוואָרן די האָפענונג און דער באַגער צו נאַציאָנאַלער גאולה, און אַז ביי אים איז אַרויסגעריסן געוואָרן די ליבע צו מדינת ישראל און צו דער אויפלעבונג פון זיין היימלאַנד. דאָס רוסישע אידנטום איז אָפּגעריסן געוואָרן מיט אַ שטאַרקער האַנט, דורכן „קרעמעל״, וואָס האָט צעטרעטן זיינע מענטשלעכע רעכט און זיינע פאָלקס־רעכט. און דער „השומר הצעיר״ ווייסט דעמדאָזיקן אמת און וויל אים באַוואוסטזיניק פאַראַטן.

אינם געוועד און אינם מענטשן־פּאָטענציאַל, וואָס פאַרזיכערט די עקזיסטענץ פון מדינת ישראל און איר צוקונפט — האָט דאָס רוסישע אידנטום קיין שום אָנטייל נישט, — ווייל אַזאַ איז די דורכגעטראַכטע און סטאַבילע פּאָליטיק פון דעם „קרעמל״, אַרויסצורייסן דאָס רוסישע אידנטום פונם אידישן פאָלק, איבעררייסן יעדע באַציאונג

צווישן אים און זיין היסטאָריש היימלאַנד, דערשטיקן אין אים יעדע מעגלעכקייט פון אידישער און ציוניסטישער דערציאונג, און צונעמען ביי אים יעדע מעגלעכקייט צו שטיין אויף דער זייט פון זיין פאָלק, אויף דער זייט פון זיין צווייט היימלאַנד אין ישראל, — אַפילו אין דער מאָס, וואָס ווערט געגעבן דעם „השומר הצעיר” אין ישראל צו שטיין אויף דער זייט פון זיין צווייט היימלאַנד אין ראַטנפאַרבאַנד.

אויך די אידן פון אַנדערע לענדער, מחוץ דעם סאָוויעטישן בלאָק, זיינען נישט גאָר אינגאַנצן פריי, נישט אין אַזאַ מאָס, ווי עס זיינען פולשטענדיק פריי די אידן אין ישראל. אויך יענע אידן זיינען אונטערגעוואָרפן די געזעצן פון די מדינות אין וועלכע זיי וואוינען, און זיי דאַרפן זיין געטריי צו די מלוכה׳שע אינטערעסן פון זייערע לענדער, און ווען דער „קרעמל” וואָלט געהערשט אין די מערב־לענדער — אין אַמעריקע, אין ענגלאַנד און דאָסגלייכן, ווי עס וויל דער „השומר הצעיר”, און ווי ער פאָדערט פון אונז, אַז מיר אַלע — די גאַנצע ישראל׳דיקע אַרבעטערשאַפט, די גאַנצע יוגנט, אַלע פאָלקס־מאַסן, דאָס הייסט, דער אַבסאָלוט גרעסטער טייל פון אידישן פאָלק אין ישראל, אַז אויך מיר זאָלן עס וועלן, — דעמאָלסט וואָלט אונטערגעשניטן געוואָרן די האָפנונג פאַר דער עקזיסטענץ פון דער זיכערהייט פון אונזער מדינה, און ישראל וואָלט געפאַלן פאַר אירע פּילצאָליקע שונאים אין מיטל־מזרח.

„וואו און ווען איז געווען אַ סתירה צווישן דעם קרעמל און צווישן ירושלים” ?
— פרעגט דער פירער פון „השומר הצעיר”.

אָנשטאָט אַן ענטפער דאַרף מען פרעגן דעם פירער און זיינע חברים: צי זענט איר באמת אַזוי ווייט פון פאַרשטיין די זיכערהייט־וועגן, אַז איר זעט נישט די אָפגרונט־סתירה צווישן דעם „קרעמל” און „ירושלים”, נישט בלויז אין פאַל פון אַ וועלט־מלחמה אָדער אַן אָנגריף פון אַן אַראַבישע „פאָלקס־דעמאָקראַטיע”, נאָר אויך אין דעם פשוט׳ן פאַל, וואָס אַפילו דער „השומר הצעיר” אָנערקענט זיין סכנה, אין פאַל פון אַ „צווייטן גאַנג” ?

דער „קרעמל” און זיין פאָליטיק לגבי אידן אין משך פון אַלע יאָרן, און די ליניע פון „השומר הצעיר” אין דער אויסערן־פאָליטיק, וואָס אידענטיפיצירט זיך מיט דער ליניע פון דעם „קרעמל” — זיינען אַ קעגנזאַץ צום עלעמענטאַרסטן אינטערעס פון מדינת ישראל, פון אידישן פאָלק, פון ציוניזם און צו די פערספעקטיוון פון איר פאַרווירקלעכונג ; זיי זיינען אַ סתירה צו די זיכערהייט־באַדערפנישן פון מדינת ישראל.

# ח. דער סינטעז ביים צוזאַמענברוך

„מפ״מ דאַרף זיך נאָך מער און מער צוזאַמענשליסן, כדי צונויפקלייבן און פעסטער פאַרייניקן דאָס פאָלק אַרום זיך, דערצו פאַדערט זיך אַ סך עקשנות און אַ סך כוח, און איך האָף, אַז מיר וועלן האָבן דעמדאָזיקן כוח״.
(מאיר יערי אין כנסת, 7.10.1951).

1. אָפּאָרטוניזם און אומבאַגרעניצטער קאָמפּראָמיסן־מאַכעריי פון „השומר הצעיר״

מיר האָבן געזען די סתירות, די קעגנזאַצן און די האַטעגטאַטישע מידות, אין וועלכע עס פאַרוויקלט זיך און פאַרפלאָנטערט זיך דער „השומר הצעיר״, אין זיין שטרעבונג איינצוגלידערן זיך אין דער „וועלט פון רעוואָלוציע״ אויף „יענער וועלט״ און זיך איר קעגנשטעלן אויף „דער וועלט״, אין זיין פּרוּוו צו „סינטעזירן״ דעם חלוצישן ציוניזם מיטן „רעוואָלוציאָנערן״ סאָציאַליזם, נישט וועלנדיק דערביי נעמען אין אַכט די אָפּגרונט־קעגנזאַצן, וועלכע צעטיילן זיי, טעאָרעטיש און פּראַקטיש; אינם זאָגן „אמן״ אויף אַלע אומזיניקייטן פון די גרויל־משפטים, וואָס שלאָגן איבער די קעפּ פון די קאָמוניסטישע הויפּט־פירער, און אָפּגרעניצן זיך פון דידאָזיקע משפטים, ווען דאָס רירט אָן זיינע חברים; אין זיין אָנשליסן זיך, אָן קיין אָפּהאַלט, צו דער סטאַליניסטישער באַשמוצונג פון אַלע פרייע כוחות אין דער וועלט, וועלכע ווילן זיך נישט אונטערוואַרפן דער דיקטאַטור פונם קרעמל, אַרויסנעמענדיק פונם כלל בלויז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פון וועלכער ער ציט זיין יניקה; אין זיין קעגנשטעלן זיך מיט ווערטער קעגן די הלוואות און סובסידיעס, וועלכע די ישראל־רעגירונג באַקומט פון דער אַמעריקאַנישער רעגירונג און אין זיין פּראַקטישן באַגער זעלבסט צו געניסן פון דידאָזיקע הלוואות; אין זיין רופן צו אַ „פּראָגרעסיוון״ בונד און צו אַן איינהייטלעכן אַרבעטער־פראָנט און אין זיינע כסדר'דיקע אונטערגראָבונגען אונטער דער עקסטער קאָמפּעטענץ פון דער אַרבעטער־הסתדרות און ענלעכע זאַכן.

דאָס זיינען נישט בלויז סתירות און קעגנזאַצן פון אַ צוויי־פּנים'דיקער באַוועגונג, וואָס באַפּוצט זיך כלפי חוץ מיט ראַדיקאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע פעדערן און רעגולירט אירע אינערלעכע ענינים דורך אָפּאָרטוניזם און אומבאַגרע־ניצטער קאָמפּראָמאָסין־מאַכעריי, נאָר אַ רעזולטאַט פון אַן אידעאָלאָגישע צעטומלונג, פון אַ געדאַנקלעכער אומרייפקייט און פונם מאַנגל פון מאָראַלישן און אינטעלעקטועלן מוט צו זען די שווערע און פאַרוויקלטע ווירקלעכקייט.

אין לאַנד וויסן זיי, טעאָרעטיש, אונטערצושיידן צווישן אַן אַרבעטער־מאַכט און אַ מאַכט איבער די אַרבעטער, אָבער זיי זיינען נישט מסוגל צו זען וואו געפינט זיך באמת און פאַקטיש אַן אַרבעטער־מאַכט און וואו איז בלויז אַ מאַכט איבער די אַרבעטער. די אַרבעטער־הסתדרות און אירע אינסטיטוציעס, וועלכע ווערן אויס־געוויילט אין דעמאָקראַטישע וואַלן און מיט אַן אומבאַגרעניצטער און אומאָפּהאַלט־דיקער פרייהייט פון קריטיק און דיסקוסיעס—הייסט ביי זיי „מאַכט איבער די אַרבעטער״ און זי פאַרפליכטעט נישט די „סינטעז״־חברים פון „השומר הצעיר״; און די ישראל־רעגירונג, וואָס פאַרטרעט די אַבסאָלוטע מערהייט פון דעם אַרבעטנדיקן פאָלק, פון די אַרבעטער אין דאָרף און אין שטאָט, פון דער אַרבעטער־לאַנדווירטשאַפט, פון דער

שאַפנדיקער אינטעליגענץ, פון די פאָלקס־מאַסן, און וועלכע שטייט טאָג־טעגלעך פאַרן משפט פון דער באַפעלקערונג און פאַר דער פרייער (און אפשר הפקר׳דיקער) קריטיק פון דער פרעסע און דער אָפּאָזיציע, — דידאָזיקע רעגירונג ווערט באַשמוצט דורך די שרייבער פון „על המשמר" אין אַ שפּראַך, וואָס איז נישט אַנדערש, אין איר אינהאַלט און אין איר פאָרם און איידלקייט, ווי די שפּראַך פון דער יעווסעקציע און אירע בעלי־בתים אינם קאָמאינפאָרם.

די דענקער פון „השומר הצעיר" זיינען נישט מסוגל צו זען די אָפּגרונט־סתירה צווישן דער פראַזעלאָגיע מיט וועלכער עס באַנוצן זיך די הערשער פונם קרעמל און צווישן דער ווירקלעכקייט, וואָס עקזיסטירט אין ראַטן־פאַרבאַנד, דעם קעגנזאַץ צווישן דעם נאָמען וואָס איז געגעבן געוואָרן די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס און דעם פּאָליטישן אינהאַלט, וואָס ליגט אין זייער יסוד.

### 2. אויף ראַטנפאַרבאַנד פרעגט מען נישט קיין קשיות

אין ראַטנפאַרבאַנד שטיצט זיך די מאַכט אויף טעראָריסטישע טיראַניע, וואָס איר גלייכן איז אין דער וועלט נישט געווען; די פּאָליציי שטיצט זיך אויף מיליאָנען שפּיאָנען און אַגענטן; זיי זיינען פאַראַן אומעטום אין יעדן הויז און אין יעדער פאַמיליע; קיין שום מענטש קען נישט זאָגן וואָס ער טראַכט; קיין שום פאָרשער קען נישט פאַרעפנטלעכן די רעזולטאַטן פון זיינע פאָרשונגען, לויט זיינע ידיעות און זיין געוויסן, קיין שום שרייבער און דיכטער קען נישט שרייבן, קיין שום מאָלער אָדער קינסטלער קען נישט שאַפן אויסער דער ליניע, וואָס ווערט, פון צייט צו צייט, אָנגעצייכנט דורך די הערשער און וואָס ווערט צוגעפּאַסט צו די פּאָליטישע באַדערפענישן פון דער באַטרעפנדער צייט; און דאָס וואָס איז געכטן געווען וויסנשאַפט און אמת און קונסט און דיכטונג, ווערט היינט גע׳פסל׳ט דורך דיזעלבע הערשער, אַלס ליגן, אַלס בורזשואַזע פעלשונג און נאָכמאַכונג און מערב־פאַרשקלאַפונג; און דער אַרבעטס־מענטש האָט פאַרלוירן אַלע זיינע רעכט, די מענטשלעכע און אַרבעטער־רעכט, און ער איז געצוואונגען צו אַרבעטן איבער די כוחות, דורך שוויץ־סיסטעמען און מען ציט אַרויס פון אים דאָס לעצטע ביסל בלוט, אונטערן מאַנטל פון „סאָציאַ־ליסטישן וועט־קאַמף"; די פּרוכט פון דער אַרבעט פון די מאַסן ווערט אינוועסטירט אין דער אומאויפהערלעכער באַוואָפענונג, אונטער די פאַלשע לאָזונגען פון שלום און ברידערשאַפט צווישן די פעלקער; און דער רוסישער שאָוויניזם איז אַנטוויקלט און אָנגעבלאָזן אין אַזאַ מאָס, וואָס עס איז נאָך קיינמאָל נישט געמאַכט געוואָרן, אַפילו נישט דורך די צאַרן, און אַלע וויסנשאַפטלעכע און טעכנישע אַנטדעקונגען און דעראָבערונגען ווערן אין דער סאָוויעטישער ענציקלאָפּעדיע פאַררעכנט אויפן חשבון פון די רוסיש וויסנשאַפטלער פון אַכצנטן, ניינצנטן און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. — עס ווערט פאַרגעזעצט דער אימפּעריאַליסטישער דעראָבערונגס־צוג — מיט אַזאַ טיכטיקייט און פּראַקטישקייט, וואָס זיינען נישט קלענער, ווי ביי פריערדיקע צאַרן, און פינלאַנד ווערט אָנגעגריפן, און ליטע און לעטלאַנד און עסטאָניע ווערן דעראָבערט און אָנגעשלאָסן אין גרויסן רוסלאַנד, און פּוילן, רומעניע, אונגאַרן, בולגאַריע, און טשעכאָסלאָוואַקיע ווערן פאַרוואַנדלט פאַקטיש, אין יעדער הינזיכט, אין רוסישע פּראָווינצן און ווערן אונטערגעוואָרפן אויף הונדערט פּראָצענט דעם קרעמל, און אין

רוסלאַנד ווערט געמאַכט אַ רוסיפיקאַטאָרישע טעטיקייט, וואָס אַזאַ האָט מען נישט געוואַגט צו מאַכן אַפילו אין די צאַרישע צייטן; יעדע אַנטפּלעקונג פון נישט־רוסישער נאַציאָנאַלקייט ווערט געשטעמפּלט אַלס בורזשואַזער נאַציאָנאַליזם און זי ווערט דער־שטיקט מיט כאַראַקטעריסטישער אַכזריות׳דיקייט, בשעת דער רוסישער שאָוויניזם איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ספּעציעלע דאָקטרין אין די שולן, אין דער ליטעראַטור, אין דער וויסנשאַפט און אינם רעזשים; און דער קולט פאַרן פירער, די חניפה, וואָס דערנידעריקט דעם כבוד פון אמת און דעם כבוד פון מענטש, די חניפה אין ראַדיאָ און אין דער פרעסע און אויך אין דער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור, צו די איבער־מענטשלעכע פעאיקייטן און געטלעכער גאונ׳ישקייט פונם פירער, אויף אַלע געביטן פון געדאַנק, וויסנשאַפט, ליטעראַטור און זיין אויבערשטע ראָל אין דער רוסישער און אַלוועלטלעכער געשיכטע — ווערט פאַרשפּרייט און אָנגעבלאָזן אין אַזאַ מאָס דורכן סאָוויעטיש־מלוכה׳שן אַפּאַראַט, וואָס איז נאָך נישט געמאַכט געוואָרן פאַר קיין שום הערשער און טיראַן נישט אין אַלטערטום, נישט אין מיטלאַלטער און נישט אין דער נייער צייט־תקופה; עס ווערט געפעלשט די געשיכטע פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, עס ווערן אויסגעמעקט די טאַטן, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן דורך די אָנפירער, מיליטער־קאָמאַנדירן און לערער, וועלכע זיינען דערמאָרדעט געוואָרן דורכן פירער, און זייער גאַנצע העלדישקייט און זייערע אויפטועכצן ווערן פאַר־רעכנט אויפן חשבון פון די הערשער, וואָס זיינען געווען אַזוי קלוג צו פאַרכאַפּן זייער אָרט מיט אויסגעפּרווטע מיטלען פון אַן איטאַליעניש באָרזשעראַ אָדער אַן אָטאָמאַנישן סולטאַן; עקספּאַנסיע און דעראָבערונגס־שטרעבונגען ווערן מאַסקירט דורך פּעטיציעס און קאָנגרעסן פאַר שלום און מויל־פּראָקלאַמירונגען וועגן פעלקער־ברידערלעכקייט; דער געשריבענער געזעץ פּראָקלאַמירט די רעכט פון יעדן פאָלק צו זעלבסט־באַשטימונג און אַפילו צו אָפּטיילן זיך פון ראַטנפאַרבאַנד, און די ווירקלעכקייט זאָגט — אונטערדריקונג און פאַרשקלאַפונג פון אַלע קליינע און שוואַכע פעלקער צום „גרויסן רוסישן פאָלק”, צו זיין שפּראַך און זיין קולטור; יעדער פירער, יעדער מיליטערישער קאָמאַנדיר, וויסנשאַפטלער און טוער, אויף וועמען עס פאַלט אַ חשש, אַז ער וועט נישט האַנדלען, אין יעדן פאַל און ביי יעדן מצב, לויטן באַפעל פון העכסטן פירער „ווערט ליקווידירט”; און דערדאָזיקער רעזשים, וואָס האָט פאַרניכטעט און צעשטערט ביזן יסוד יעדן מענטשלעכן כבוד, אַלע אַרבעטס־רעכט, יעדע מענטשלעכע פרייהייט, און לעבט אויף טעראָר און געהיים־פּאָליציי — רופט זיך זעלבסט מיטן נאָמען אַרבעטער־הערשאַפט, אָדער ראַטנפאַרבאַנד, אָדער סאָציאַליסטישע רעפּובליק, — און די טעאָרעטיקער פון „השומר הצעיר”, זיינע טיכטיקע פאָרשער און קריטיקער ווייסן נישט, אָדער וואַגן נישט צו אונטערשיידן צווישן דעם נאָמען און די ווירקלעכקייט, צווישן די שאָלעכץ און דעם קערן; זיי פרעגן אַפילו נישט זיך זעלבסט, פאַרוואָס איז דאָס אַזוי, וואָס די געבענטשטע און גליקלעכע אַרבעטער־מדינה, אין וועלכער עס איז דערהויבן געוואָרן דער מענטשלעכער נאָמען פונם אַרבעטער, און אין וועלכער עס זיינען בטל געוואָרן די קלאַסן־קעגנזאַצן און דאָס גאַנצע פאָלק, פון זיין פרייען ווילן, האָט זיך צוזאַמענגעשלאָסן אַרום זיין געערטן, געליבטן און גאונ׳ישן הערשער, וואָס אַזאַ איז נאָך נישט געווען אין דער מענטשלעכער געשיכטע, און מיט וועמענס כוח און גבורה עס איז פול די גאַנצע וועלט, און קיינער

קען זיך מיט אים נישט פאַרגלייכן, נישט אין שלום און נישט אין מלחמה — פאַרוואָס איז דאָס לאַנד פאַרמאַכט אויף אַ שלאָס, און פאַרוואָס לאָזט מען ניש אַיין קיין ראַטנפאַרבאַנד אַרבעטער־דעלעגאַציעס פון אַלע פאַרשקלאַפטע און פאַראָרעמטע לענדער אין מערב צו קומען און זען די מחיה׳דיקייט פון קאָמוניסטישן רעזשים אין ראַטנפאַרבאַנד, צו באַזוכן די פאַבריקן, אין וועלכע אַרבעטער אַרבעטן און זייַנען גליקלעך און צופרידן, וואָס זייער ביישפּיל איז נישטאָ אין דער גאַנצער וועלט — כדי עס זאָלן וויסן די אַרבעטער אין דער וועלט, די אַרבעטער אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע און אין פראַנקרייך און אין אַנדערע פאַרשקלאַפטע לענדער, וואָס עס האָט אויפגעטאָן דער אויסלייזנדער און באַפרייענדער רעזשים אין ראַטנפאַרבאַנד, און כדי עס זאָל דערגיין די בשורה פון אויסלייזונג און סאָציאַליזם צו דער גאַנצער וועלט און צו די מיליאָנען אונטערדריקטע און פאַראָרעמטע אַרבעטער און פויערים אין די לענדער פון דעם פאַרפוילטן מערב׳דיקן אימפּעריאַליזם? און פאַרוואָס דערלויבט מען נישט די אַרבעטער פון ראַטנפאַרבאַנד אַרויסצוגיין און צו זען די אָרעמקייט און די פאַרשקלאַפונג און די אָפּגעשוואַכקייט פון די נעבעכדיקע פאַרשקלאַפטע אַר־בעטער אין פינלאַנד, אין שוועדיע, אין ענגלאַנד, אין אויסטראַליע, אין ניו־זעלאַנד און, קודם־כל, — אין דער אומגליקלעכער און געפאַלענער אַמעריקע? וואָס באַדייט דידאָזיקע מאָדנע דערשייַנונג?

געוויס וויסן אפילו די טעאָרעטיקער פון „השומר הצעיר“, אַז ראַטנפאַרבאַנד איז נישט גאָר גלייכגילטיק צו די ענינים פון פּראָפּאַגאַנדע און רעקלאַמע, און ער שפּאָרט נישט קיין אָנשטרענגונגען און מיטלען, כדי צו באַווייזן זייַנע מיליאָנען איינ־וואוינער די קללה פון דעם אימפּעריאַליזם און די פאַרשקלאַפונג פונם מערב, און אויך צו באַווייזן פאַר די פאַרשקלאַפטע אַרבעטער־מאַסן פונם מערב דאָס גליק פון זייַן באַפרייענדיקן און אויסלייזנדיקן רעזשים — און פאַרוואָס באַנוצט ער זיך נישט מיט דעם פּשוטסטן און זיכערסטן רעקלאַמע־מיטל צו באַווייזן אַלע אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט, צו באַווייזן פאַקטיש, וואָס ווערט געמאַכט אין ראַטנפאַרבאַנד און צו געבן די מעגלעכקייט די מענטשן פון זייַן פאָלק, דער יוגנט, די בעסטע אַרבעטער, צו זען וואָס עס טוט זיך אין אַנדערע לענדער, וואָס האָבן נישט זוכה געווען צו דעם געבענשטן רעזשים פון ראַטנפאַרבאַנד, — וואָס באַדייט דידאָזיקע מאָדנע און משונה׳־דיקע מעשה?

אָבער אויף ראַטנפאַרבאַנד פרעגט מען נישט קיין קשיות, זייַנע פירער און גאונים וויסן וואָס זיי טוען. און מען פרעגט נישט קיין קשיות אויף דעם „השומר הצעיר“, וואָס ווייסט, אַז מען דאַרף זיך פאַרלאָזן מיט פאַרמאַכטע אויגן אויף ראַטנ־פאַרבאַנד, יעדנפאַלס, אין די זאַכן, וואָס רירט נישט אָן די אינטערעסן און די פּאָזיציע פון הקיבוץ הארצי אין דער מדינת ישראל און אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, אָדער אין זייַנע וואַנדערנדיקע חברים, וועלכע פאַלן צייטנווייז אַריין אין דער נעץ פון די „גערעכטיקייט“־פּראָצעסן פון דער „וועלט פון דער רעוואָלוציע“.

### 3. וויאַזוי האָט זיך דערקייקלט דער „השומר הצעיר“ צו זיין איצטיקער מערכה?

אָבער מיר דאַרפן אויפקלערן זיך זעלבסט, וויאַזוי דער „השומר הצעיר“, איינע פון די יוגנט־באַוועגונגען אין אידישן פאָלק, אַ בכבוד׳דיקער טייל פון דער אַרבעטער־

באַוועגונג אין ישראל, איינע פון די קערפּערשאַפטן אין דער ציוניסטישער אָרגאַני־זאַציע, איינער פון די חלוצישע קיבוצים, וואָס פאַרנעמט נישט קיין קליינעם אָרט אין דער אַרבעטער־לאַנדווירטשאַפט — וויאַזוי קען ער זיך האַלטן ביי אַ טעאָריע און פּאָליטישן פּראָגראַם, וואָס איז פול מיט סתירות און קעגנזאַצן, סיי שרעקלעכע סתירות אין זיין סאָציאַליסטישער לערע, וואָס איז פאַר דער איינגלידערונג אין דער „קאָמו־ניסטישער״ וועלט, און סיי קעגנזאַצן אין זיין ציוניסטישער און פּאָליטישער לערע, לויט וועלכער ער וויל אָנפירן דאָס פאָלק און די ציוניסטישע באַוועגונג, וואָס זיין אויסגעבענקטע „וועלט פון רעוואָלוציע״ האָט זיי אַריינגעלייגט אין חרם און באַפּאַלט זיי אַזוי שאַרף.

דער ענטפער איז אַ פּשוט׳ער: דער „השומר הצעיר״ איז קיינמאָל נישט אויפ־געפאָדערט געוואָרן צו פאַרווירקלעכן זיין פּאָליטישן „סינטעז״, וואָס איז נישט מער ווי אַ סתירה, און ער איז קיינמאָל נישט געשטעלט געוואָרן פאַר דער נויטיקייט און מעגלעכקייט צו באַפרידיקן די באַדערפענישן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין מדינת ישראל לויט זיין פּראָגראַם, וואָס איז פול מיט סתירות, און ער געניסט פון דער טעטיקייט און פּראָפּיטירט פון די דעראָבערונגען, וואָס ווערן געמאַכט דורך אַנדערע, אין קעגנזאַץ צו זיין שיטה, און ער האַלט פון די סטאַליניסטישע תורות און לאָזונגען וואָס פאַרפּליכטן אים צו גאָרנישט און ער שטויסט זיך נישט אָן אין זיין לעבן אין דער סאָציאַליסטישער פאַרדרייאונג און מאָראַלישער פעלשונג, וואָס דידאַזיקע תורות און לאָזונגען אַנטהאַלטן, און דער „השומר הצעיר״ לעבט אַזוי אַרום אין צוויי וועלטן, וואָס זיינען קעגנזעצלעכע און ווידערשפּרעכן איינע דער צווייטער, — אין דער ממשות׳דיקער וועלט פון רעפאָרמיזם, פון וועלכער ער ציט חיונה און אַנטוויקלט זיך, און אין דער ווערבאַלער און דעקלאַראַטיווער וועלט פון „רעוואָלוציע״, וועלכע אָנער־קענט אים נישט און אין וועלכער ער נויטיקט זיך נישט; און זייער פאַרבינדונג באַשטייט נאָר אין פּוסטע לאָזונגען וועלכע פאַרפּליכטן צו גאָרנישט.

דער „השומר הצעיר״ האָט צעטיילט זיין וועלט אויף צוויי באַזונדערע און פאַרשידענע טיילן, וועלכע האָבן נישט צווישן זיך קיין שום אינערלעכע און קעגנ־זייטיקע באַציאונגען. טעאָרעטיש און פּראַקטיש איז עס אַזוי: „די קניידלעך״ קאָכט ער און עסט, ווי יעדער איינער פון אונז, אין דער רעפאָרמיסטישער וועלט, און די „הגדה״ זאָגט ער פונם סידור פון דער „וועלט פון רעוואָלוציע״.

און דעם „השומר הצעיר״ קומט נישט אָן שווער אויפצוהאַלטן דידאָזיקע אינער־לעכע סתירה: אַזוי ווי ער איז אַ מינדערהייט אין פאָלק און אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, ווערט ער נישט אויפגעפאָדערט צוצופּאַסן די ווירקלעכקייט צו זיין לערע און געבן אַ ריכטונג דעם רעזשים אין דער מדינה און אין דער אַרבעטער־הסתדרות לויט זיינע דעקלאַרירטע פּרינציפּן; און ווייל די מדינה און די אַרבעטער־באַוועגונג, צווישן וועלכע ער לעבט און פון וועלכער ער האַלט זיך אויס, זיינען געבויט אויף פרייהייט און זיי בעגירן דעם טאָטאַליטאַרן רעזשים, ווערט ער דעריבער נישט אויפגעפאָדערט צוצופּאַסן זיין לערע צו דער ווירקלעכקייט פון זיין לעבן און פירן זיינע לאָזונגען און זיינע פּראָפּאַגאַנדע־וועגן אין דער ריכטונג פון די טאָטן און דעראָבערונגען פון וועלכע ער געניסט און פון וועלכע עס איז אָפּהענגיק זיין עקזיסטענץ.

אַזאַ עקזיסטענץ פון „השומר הצעיר" וואָלט געווען אומעגלעך אין אַ טאָך־טאַליטאַרן רעזשים, צו וועלכן ער שטרעבט. דער פאַלשער „סינטעז" פון „השומר הצעיר" האָט נישט קיין אָרט אין קיין שום לאַנד פון די „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס". און דער „השומר הצעיר" ווייסט דאָס, אַזוי ווי יעדער איינער פון אונז, ווייל נישט בלויז אין ראַטנפאַרבאַנד, נאָר אויך אין די לענדער פון די „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס", איז דער „השומר הצעיר" ליקווידירט געוואָרן, און אין דידאָזיקע לענדער איז נישט פאַרבליבן קיין זכר פון דעם „סינטעז", מיט וועלכן עס באַרימט זיך אַזוי מאיר יערי. דערדאָזיקער פאַקט נויטיקט זיך נישט אין ווייטערדיקע באַווייזן.

אָבער עס איז נישט קלאָר, צי פאַרשטייט דער „השומר הצעיר", אַז זיין סינטעז האָט נישט קיין אָרט אויך אין מדינת ישראל — אויב עס וואָלט געטראָפן אַ נס און עס וואָלט פאַרווירקלעכט געוואָרן דאָס וואָס מאיר יערי האָט פאָרויסגעזאָגט מיט צוויי יאָר צוריק אין כנסת: אַז „מפ"מ וועט זיך צוזאַמענשליסן, כדי צונויפקלייבן און פאַרייניקן דאָס פאָלק אַרום זיך" — און „השומר הצעיר" וועט זיין דער הערשנדער כוח אין מדינת ישראל.

מען דאַרף קיינעם נישט איבערצייגן, אַז די נבואה פון יערי האָט נישט קיין שום אויסזיכטן, און אַז מפ"מ האָט נישט קיין שום מעגלעכקייט „צונויפצוקלייבן און פאַרייניקן אַרום זיך דאָס פאָלק", נישטאָ קיין איין פאַרשטענדיקער מענטש אין לאַנד און אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס זאָל מורא האָבן פאַר דערדאָזיקער סכנה. די אויסזיכטן, אַז מפ"מ זאָל ווערן די פּאַרטיי פון פאָלק זיינען נישט גרעסער פון די אויסזיכטן פון „חרות" צו ווערן די הערשערין אין מדינת ישראל. אפילו די נבואות פון יערי וועגן דער "צוזאַמענשליסונג פון מפ"מ" — איז נאָך דערווייל נישט פאַר־ווירקלעכט געוואָרן. און פאַקטיש איז געשען פונקט אַ פאַרקערטע זאַך. די גלידער פון דער „פאַרייניקטער" פאַרטיי פאַלן אָפּ איינציקווייז, און די וואָס האַלטן זיך נאָך — האַלטן זיך מער פון שנאה צו אַנדערע, ווי פון ליבע און געטריישאַפט פון איינעם צום צווייטן. און די שפּאַלטן האָבן זיך געמערט נישט בלויז צווישן די חברים פון „קיבוץ המאוחד" און „השומר הצעיר", נאָר די שפּאַלטן מערן זיך ביי יעדער איינ־ציקער פון דידאָזיקע קערפערשאַפטן, און די „צוזאַמענשליסונג" פון יערי איז נישט נאָענטער צום אמת ווי דער נאָמען „פאַרייניקטע", וואָס דידאָזיקע פּאַרטיי — פול מיט לאַטעס און קעגנזאַצן — האָט אויסגעקליבן פאַר זיך.

### 4. ווען „השומר הצעיר" און מפ"מ וואָלטן געבילדעט אַ רעגירונג אין ישראל...

אָבער כדי נאָך מער אויפצוקלערן די סתירות, אויף וועלכע עס האַלט זיך דער „השומר הצעיר" (און מפ"מ), לאָמיר זיך אויף אַ רגע פאָרשטעלן אין אונזער פאַנ־טאַזיע, אַז די שטרעבונג פון „השומר הצעיר"־פירער איז פאַרווירקלעכט געוואָרן: מפ"מ האָט זיך „צוזאַמענגעשלאָסן" און איר איז געלונגען צו „צוזאַמענקלייבן און פאַרייניקן אַרום זיך דאָס פאָלק" — און זי איז געוואָרן די הערשנדע פאַרטיי אין מדינת ישראל, און עס איז איר געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט און די פליכט אַדורכ־צופירן איר פּראָגראַם, וואָס איז, כלומרשט, געבויט אויפן חלוצישן סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערן ציוניזם, און באַזירן מדינת ישראל אויפן „סינטעז". און מיר זעען (אין דער פאַנטאַזיע פון יערי) 70 אָדער 80 מפ"מ־דעלעגאַטן אין כנסת, און, פאַרשטייט

זיך, אַ גרויסע און אַבסאָלוטע מערהייט פון מפ״מ אין אַלע אינסטיטוציעס פון דער אַרבעטער־הסתדרות — אין ועד הפועל, אין מרכז החקלאי, אין די אַרבעטער־ראַטן פון תל־אביב, חיפה, ירושלים, אין די קאָלאָניעס און דערפער, און די ישראל־רעגירונג ווערט געשאַפן בלויז דורך חברים פון מפ״מ. יערי — פרעמיער־מיניסטער, בנטוב — אויסערן־מיניסטער, חזן — אינערן־מיניסטער, רובין — פינאַנץ־מיניסטער, בר־יהודה — יוסטיץ־מיניסטער, און משה סנה, אין זיין פריערדיקן מפ״מ׳ישן גלגול, זיכערהייטס־מיניסטער (ווען יערי האָט געזאָגט זיין נביאות אין כנסת — איז נאָך ד״ר סנה געווען דער מפ״מ׳ישער הויפּט־רעדנער), און די ערשטע זאַך, וואָס האָט זיך געפּאָדערט פון די חברים פון דעם „סינטעז״ איז געווען צו שאַפן אַ מלוכה׳שן רעזשים, צוגעפּאַסט צו די פּרינציפּן פון דעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם, און צו ענדערן די אויסערן־פּאָליטיק פון דער ישראל־רעגירונג, די פאַרשקלאַפונגס־פּאָליטיק פון „בן־גוריון׳ס רעגירונג״, אויף אַ פּאָליטיק פון אַ פּאַרטיי, וואָס האַלט זיך פאַר אַן אינטעגראַלן טייל פון דער וועלט פון רעוואָלוציע.

אין פלוג קען זיך אויסווייזן, אַז עס זיינען נישטאָ קיין שוועריקייטן אין אָט דיביידע זאַכן. אין כנסת האָט די מפ״מ אַן אַבסאָלוטע און אַנטשיידנדע מערהייט, כדי צו שאַפן אַ רעזשים פון אַ „פאָלקס״־דעמאָקראַטיע אנשטאט דער „פאָרמעלער דעמאָ־קראַטיע״ פון די רעפאָרמיסטן און די בורזשויען — עס ווערן געמאַכט ביידע וואַלן פון ריינעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם, אַלע איבעריקע פאַרטייען זיינען אויפגעלעזט גע־וואָרן, אַלע צייטונגען וואָס האַלטן נישט פון דער וועלט פון רעוואָלוציע זיינען גע־שלאָסן געוואָרן, עס איז בטל געוואָרן די „פאָרמעלע״ פרייהייט פון דיסקוסיע און קריטיק, 98,8% פון די וויילער האָבן געשטימט פאַר דער איינציקער פאַרייניקטער ליסטע פון דער „רעוואָלוציאָנערער פאַרייניקטער פאַרטיי״, אין דער נייער רעוואָלו־ציאָנערער כנסת; עס איז נישט געבליבן קיין שום זכר, נישט פון דער בורזשואַזיע און נישט פונם רעפאָרמיזם, און עס איז נישטאָ קיין שום שטערונג צו שאַפן דעם נייעם רעזשים, אַ רעזשים פון דער „פאָלקס־דעמאָקראַטיע״, און נישט אין פעסטשטעלן די נייע אויסערן־פּאָליטיק.

דער כאַראַקטער פון דערדאָזיקער נייער אויסערן־פּאָליטיק איז קלאָר, ביים היינטיקן טאָג, נאָך איידער עס איז פאַרווירקלעכט געוואָרן יערי׳ס נבואה, האָט דער „השומר הצעיר״ צוויי אַלטערנאַטיווע פּראָגראַמען פון אויסערן־פּאָליטיק, איינע פאַר זיך: „דאָס שטיין אָן אָפּהאַלט אויף דער זייט פון די לענדער פון סאָציאַליזם און די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס — אין זייער פאַרטיידיקונג קעגן די אינערלעכע און אויסער־לעכע שונאים״, און איינעם, וואָס ער לייגט פאַר אַנדערע, דער מפּא״י און דעם פּראָ־גרעסיוון פּראָגנט, אין וועלכן דער „השומר הצעיר״ איז גרייט אָנטייל צונעמען, אויב עס וועט אָנגענומען ווערן אַ פּראָגראַם אויף וועלכן ער וועט איינגיין, — אַזוי לאַנג ווי „השומר הצעיר״ און מפ״מ זיינען אַ מינדערהייט אין דער הסתדרות און אין דער מדינה, אין דער איבערגאַנגס־תקופה. כל זמן דער „השומר הצעיר״ און מפ״מ זיינען אַ מינדערהייט אין דער מדינה — לייגן זיי נישט פאַר אַ פּאָליטיק פון אַבסאָלוטער אידענטיפיצירונג מיט ראַטנפאַרבאַנד, נאָר „אמת׳דיקע נייטראַליטעט״.

אויך אין דער באַציאונג צום אינערלעכן רעזשים האָט דער „השומר הצעיר״ צוויי אַלטערנאַטיווע פּראָגראַמען: איינע פאַר זיך, אַ רעזשים פון אַ פאָלקס־דעמאָקראַטיע,

דאָס הייסט, אַ פולשטענדיקער דיקטאַטאָר פון דער רעוואָלוציע־פּאַרטיי. לגבי אַנדערע — אַזוי לאַנג ווי „השומר הצעיר" איז נאָך נישט דער הערשער אין דער מדינה — פאָדערט ער פרייהייט פון דער פּרעסע, פרייהייט פונם וואָרט, פרייהייט פון דער קרי־טיק, פרייהייט פון דעמאָנסטראַציעס, פרייהייט פון שטרייקן, אויך פרייהייט פון ווילדע שטרייקן, די נישט אַריינמישונג פון דער פּאָליצײַ א.אַ.וו.

אָבער אין זײַן פאַנטאַזיע, וועלכע ווערט פאַרווירקלעכט לויט דער נבואה פון מאיר יערי — האָבן שוין „השומר הצעיר" און זײַנע חברים אין מפ"מ די אַבסאָלוטע הערשאַפט אין דער מדינה, און זיי דאַרפן שאַפן אַ רעזשים לויט זייער דעקלאַרירטן אידעאַל, און אַדורכפירן די פאַרוואַנדלונג פון דער „פאָרמעלער" דעמאָקראַטיע אין אַ „פאָלקס"־דעמאָקראַטיע און די ענדערונג פון דער „פאַרשקלאַפונגס"־פּאָליטיק — אין אַ פּאָליטיק פון אידענטיפיצירונג מיט דער „וועלט פון רעוואָלוציע", אַזוי ווי עס איז באַשלאָסן געוואָרן אויף דער היסטאָרישער קאָנפערענץ אין חיפה און נאָכאַמאָל באַשטעטיקט געוואָרן אויפן פּאַרטיי־ראַט סוף דעצעמבער 1952, נאָכן פּראַגער פּראָצעס.

דאָס אויספירן דידאָזיקע צוויי ערשטע אויפגאַבן זײַנען, אין פּלוג, ווי עס קען זיך אויסדאַכטן, פּשוט און קלאָר, און לגבי ביידע האָט דער „השומר הצעיר" אַ באַ־שטימטע און פעסטע ליניע. אַזוי דאַכט זיך דעם „השומר הצעיר" ביים הײַנטיקן טאָג, אָבער אין מאָמענט, ווען ער וועט דאַרפן אַדורכפירן די ליניע, באַכדעם ווי יערי'ס נבואה וועט פאַרווירקלעכט ווערן, און אין די הענט פון „השומר הצעיר" וועט זיך געפינען די פולע מאַכט אין דער מדינה, וועט דער פּרעמיער־מיניסטער, מאיר יערי, געשטעלט ווערן פאַר אַן ערנסטן פּראָבלעם, וועגן וועלכן ער האָט בכלל נישט געטראַכט, זייענדיק אַ פירער פון אַ קליינער מינדערהייט אין דער מדינה.

דער ערשטער פּראָבלעם איז: די איינע און איינציקע פּאַרטיי, וואָס וועט פאַר־וואַנדלען די מדינה אין אַ „פאָלקס"־דעמאָקראַטיע און זי וועט באַשטימען יעדע זאַך אין ישראל — וועט דאָס זײַן די „פאַראייניקטע אַרבעטער־פּאַרטיי", אָדער מק"י, אָדער אַ קאָאַליציע פון זיי ביידע?

אין דער „וועלט פון רעוואָלוציע, וואָס ראַטנפאַרבאַנד שטייט אין איר שפּיץ" און וואָס מפ"מ איז אַן אינטעגראַלער טייל פון איר — עקזיסטירט און הערשט נאָר איין פּאַרטיי: — די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, אין רוסלאַנד, אין פּוילן, אין רומעניע, אין טשעכיע, אין אונגאַרן — עס איז קלאָר וועלכע פּאַרטיי דאָס איז — די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. און דאָס איז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, וואָס באַקומט, אָן שום אָפּפרעג און צוויפל, באַפעלן און אָנווייזונגען פון דעם אַלוועלטלעכן גאָונ'ישן פירער פון דער פּראָגרעסיווער מענטשהייט, וואָס אַזעלכער איז נישט געווען פון זינט די וועלט איז געשאַפן געוואָרן ביזן סוף פון אַלע וועלטן — יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטש סטאַלין — (ער לעבט נאָך אַלץ, פאַרשטייט זיך, אין דער נבואה'שער פאַנטאַזיע פון מאיר יערי). אין ישראל זײַנען, כלומרשט, פאַראַן צוויי פּאַרטייען, וואָס האָבן אַ פּרעטענזיע צו זײַן די סטאַליניסטישע פּאַרטיי. לויט די לעניניסטן אין דער צײַטונג „על המשמר" איז מק"י בכלל נישט קיין סטאַליניסטישע פּאַרטיי, נאָר אַ קאָסמאָפּאָליטישע, רחמנא ליצלן. און דאָס איז באַוויזן לויט די ציטאַטן פון לענינען און סטאַלינען זעלבסט. און לויט דער מיינונג פון דעם רעוואָלוציאָנערן פּרעמיער־מיניסטער, מאיר יערי, איז נישטאָ קיין ספק,

אַז די לעניניסטן פון „על המשמר״ זיינען גערעכט. אָבער צום באַדויערן: די „וועלט פון רעוואָלוציע״ און סטאַלין אין איר שפּיץ טראַכטן אַנדערש; און נישט מאיר יערי, נאָר דער חבר שמואל מיקוניס האָט באַקומען דאָס רעכט צו באַטייליקן זיך אין דער פּאַרטיי־קאָנפערענץ אין מאָסקווע, און נאָר מק״י איז אָנערקענט — אַלס קאָמוניסטישע אָדער לעניניסטיש־סטאַליניסטישע פּאַרטיי. וואָס־זשע וועט טאָן דער רעוואָלוציאָנערער פּרעמ־יער־מיניסטער מאיר יערי?

ער קען אָנעמען די מיינונג פון דער „וועלט פון רעוואָלוציע״ און פון דעם גאונ׳ישן אומשטערבלעכן פירער און אָנערקענען מק״י אַלס די לעניניסטיש־סטאַלי־ניסטישע פּאַרטיי, (און, ווי באַוואוסט, קען זיין נאָר איינע אַזאַ פּאַרטיי אין יעדער לאַנד, פּונקט ווי נאָר איין גאונ׳ישער און אומשטערבלעכער פירער קען זיין אין איין צייט), און דאַן זיינען די רעזולטאַטן קלאָרע: מפּ״מ וועט אויפגעלעזט און ליקווי־דירט ווערן, אַזוי ווי זי איז אויפגעלעזט און ליקווידירט געוואָרן אין רומעניע, אונגאַרן און אין אַלע לענדער פון דער פאָלקס־דעמאָקראַטיע. ד״ר סנה און ריפטין און נאָך עטלעכע „לינקע״ חברים וועלן זיך נאָך מיט דער צייט אָנשליסן אין מק״י און זיי וועלן שטעמפּלען זייערע פריערדיקע חברים אַלס קליינבירגער און קאָסמאָפּאָליטן (ריפטין וועט נישט צוגעבן אויך די באַשולדיקונג אַלס אימפּעריאַליסטישע פּאַרטעטער און אַגענטן, ווי עס וועלן טאָן די חברים פון דער „לינקער״ גרופּע, וואָס זיינען נישט געווען אין „השומר הצעיר״), — אָבער אַלע איבעריקע מפּ״מ־פירער וועלן איינגעזעצט ווערן אין תפיסה, אַ טייל פון זיי וועט זיך עפנטלעך „מודה״ זיין אין די חטאים און וועט געטויט ווערן דורך הענגען, און אַ טייל פון זיי וועט ליקווידירט ווערן געהיים, און אין ישראל וועט געשאַפן ווערן אַ „פאָלקס־דעמאָקראַטיע״, לויטן מוסטער פונם רעזשים אין רומעניע און אין די איבעריקע לענדער פון דער פאָלקס־דעמאָקראַטיע. „קול־ישראל״ אין ירושלים וועט שטעמפּלען די ציוניסטישע באַוועגונג אַלס אַ באַ־וועגונג פון אַגענטן פון אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם און בורזשואַזע פאַרברעכער און עס וועט אָפיציעל דערקלערט ווערן, אַז עס איז נישטאָ קיין אַלוועטלעך אידיש פאָלק, און, אַז די אידן אין די איבעריקע לענדער האָבן קיין שום פאַרבינדונג נישט מיט ישראל; די עליה וועט זיך אָפּשטעלן, אַלע איבעריקע רעזולטאַטן זיינען קלאָר און מען דאַרף זיך נישט אָפּשטעלן אויף זיי.

אָבער דער רעוואָלוציאָנערער פּרעמיער־מיניסטער מאיר יערי, קען אויך אָנעמען אַן אַנדערן וועג, אַ פאַרקערטן, ער וועט בלייבן ביי דער מיינונג, וואָס עס האָבן פעסט־געשטעלט די שרייבער פון „על המשמר״, דער פאָרשער און לעניניסטישער געלערנ־טער מרדכי בנטוב און זיינע חברים — אַז מק״י איז, אייגנטלעך, נישט מער, ווי אַ קאָסמאָפּאָליטישע פּאַרטיי, וועלכע אָנערקענט נישט די פּרינציפּן פונם מאַרקסיזם־לעניניזם, און דידאַקטיקע פּאַרטיי צוזאַמען מיט די איבעריקע נישט־לעניניסטישע פּאַרטייען, סיי פונם „רעפאָרמיזם״ און סיי פון דער בורזשואַזיע, וועלן אויפגעלעזט ווערן, זייערע פירער וועלן אַרעסטירט און אַרויסגעטריבן ווערן, און די איינציקע הערשנדע פּאַרטיי אין דער „פאָלקס־דעמאָקראַטיע״ אין ישראל, וועט זיין מפּ״ם. נאָכדעם, ווי עס וועט געשאַפן ווערן דער נייער רעזשים — וועט קומען די ריי פון דער אויסערן־פּאָליטיק. און ווידער דאַכט זיך, אין פלוג, — אַז עס איז נישטאָ קיין שום פּראָבלעם און קיין שום פראַגע. נאָך פאַר דער רעוואָלוציע איז יערי׳ן און זיינע

חברים געווען קלאָר וואָס איז די פּאָליטיק, וועלכע עס פּאָדערט דער סינטעז צווישן חלוצישן ציוניזם און צווישן רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם. נישט קיין פּאָליטיק פון „אמת'דיקן נייטראַליזם", וואָס איז געפּאָדערט געוואָרן פון בן־גוריונ'ס רעגירונג, נאָר אַ פּאָליטיק פון אידענטיפיצירונג מיט דער וועלט פון רעוואָלוציע, אַ פּאָליטיק פון „שטיין אָן אָפּהאַלט אויף דער זייט פון די לענדער פונם סאָציאַליזם און די פּאָלקס־דעמאָקראַטיעס קעגן אַלע אינערלעכע און אויסערלעכע שונאים". עס איז נישט קלאָר, וויאַזוי וועט האַנדלען דער נייער פּרעמיער־מיניסטער לגבי דעם ענין מרדכי אורן, ווען עס וועט אָנקומען זיין ריי צו ווערן גע'משפט אין פּראַגער פּראָצעס: און אפשר וועט געשען אַ נס (אין דער פאַנטאַזיע קען אַלץ געשען), אַז מרדכי אורן, נאָכדעם, ווי ער האָט זיך „מודה" געווען אויף זיינע פאַרברעכנס, וועט בכלל נישט געשטעלט ווערן פאַרן געריכט, און מאיר יערי'ן וועט נישט אָנקומען שווער זיך צו אידענטיפיצירן מיט די נייע פּראַגער פּראָצעסן, אין וועלכע עס וועלן באַשולדיקט ווערן קאָמוניסטישע פירער אַלס פאַרעטער און אימפּעריאַליסטישע אַגענטן, אַזוי ווי יערי האָט געטאָן לגבי סלאַנסקין און זיינע חברים, זייענדיק אין דער מינדערהייט, אָבער באַלד וועט דערוועקט ווערן די פראַגע וועגן „אויסערלעכע שונאים", דידאָזיקע שונאים זיינען באַקאַנט און זיי לעבן און עקזיסטירן, — און זיי זיינען די לענדער פון צפון־ און דרום־אַמעריקע, ענגלאַנד און דרום־אַפריקע, פראַנקרייך און די סקאַנדינאַווישע לענ־דער און אַלע איבעריקע לענדער פון מערב־אייראָפּע, מערב־דייטשלאַנד און טערקיי, און פאַרשטייט זיך, אַז, קודם־כל, — יוגאָסלאַוויע. און דער רעוואָלוציאָנערער פּרעמ־יער־מיניסטער, מאיר יערי, וועט זיך דאַרפן אידענטיפיצירן מיט דער וועלט פון רעוואָלוציע, און די זאַך וועט אים נישט אָנקומען זייער שווער, ווייל דידאָזיקע מלאכה האָט ער אויך געטאָן פריער, און מיטן גאַנצן האַרצן וועט ער, אין כנסת און אין די פּלענאַר־זיצונג פון אונ"אָ, אַנטיילנעמען אין דער באַשמוצונג פון אַמעריקע און אירע נאָכלויפער אין מערב, — אַלס מלחמה־העצערס און אָנגרייפער, וועלכע זיינען אַ סכנה פאַר דער מענטשהייט, פאַרן שלום און פאַרן פּראָגרעס אין דער וועלט.

און כאָטש מאיר יערי האָט געטאָן דידאָזיקע מלאכה, ווען ער איז געווען אין דער אָפּאָזיציע און ער האָט באַשולדיקט „בן־גוריונ'ס רעגירונג אין פאַרשקלאַפונג צום אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם" — איז נישט אַזוי קלאָר, צי וועט מאיר יערי, אַלס פּרמיער־מיניסטער, טאָן עס מיטן גאַנצן האַרצן און צי וועט ער עס בכלל טאָן. קודם־כל וועט ער באַקומען אַ מעלדונג פון זיין אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן, פון דעם חבר צבי לוריא, אַז די אַמעריקאַנישע רעגירונג וועט אָפּשטעלן יעדע פינאַנציעלע סובסידיע, און זי וועט פאַרווערן די אומאָפּהענגיקייטס־הלוואה, און זי איז גרייט אויך אַרויפצר־לייגן אַן עמבאַרגאָ אויף די געלטער פון דער פאַרייניקטער מגבית.

דער געזאַנדטער פון מאיר יערי אין לאָנדאָן, יגאל אלון, וועט מעלדן דעם פּרעמ־יער־מיניסטער, אַז די בריטישע רעגירונג וועט אָפּשטעלן דעם פאַרקויף פון אַעראָ־פּלאַנען און טאַנקען און ברענשטאָף דער ישראל־רעגירונג, וועלכע פּראָקלאַמירט עפנטלעך איר שנאה צום מערב און זי באַקומט אָנווייזונגען פונם קרעמל.

אָן ענלעכע ידיעה וועט דער רעוואָלוציאָנערער פּרעמיער באַקומען אויך פון זיין געזאַנדטע אין פּאַריז, חברה פייגע אילנית, אָבער די שווערסטע און גרעסטע זאָרג וועט האָבן דער רעוואָלוציאָנערער פּרעמיער־מיניסטער פון זיין געזאַנדטן אין מאָסקווע

(אין דער נביאות האָט זיך דערוויייל יערי נישט פאַרגעשטעלט דעם איבערייס פון די באַציִאונגען), דער חבר א. פרי. ער וועט אים מעלדן, אַז אויב מק״י וועט נישט אָנערקענט ווערן אין משך פון פיר וואָכן, אַלס די א י י נ צ י ק ע קאָמוניסטישע פּאַרטיי, און עס וועלן איר נישט איבערגעגעבן ווערן די הויפּט־שליסלען פון דער מאַכט, און די פּאַרטיי וועט נישט אַריינגיסן זיך און נישט אָנעמען אירע באַפעלן, — וועט דער קרעמל באַצייכענען יערי׳ס רעגירונג אַלס טיטאָאיסטישע רעגירונג, אַ רעגירונג פון פאַשיסטישע באַנדיטן און שונאים פון פאָלק, און אַזוי וועלן זיך צו איר באַציען אַלע מדינות פון די „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס״. און יערי וועט דאַרפן אַנטשיידן: צי איז ער גרייט צו נעמען אויף זיך דעם גורל פון טיטאָ מיט אַלע קאָנסעקווענצן, וואָס דרינגען פון דעם אַרויס — אָפּפרעמדן זיך פון דער „וועלט פון רעוואָלוציע, אין שפּיץ פון וועלכער עס שטייט ראַטנפאַרבאַנד״, דערנעענטערן זיך צו אַמעריקע און צו די מערב־לענדער, און באַמיען זיך צו באַקומען מיליטערישע און פינאַנציעלע הילף פון דידאָזיקע לענדער, אַזוי ווי עס טוט טיטאָ, אָדער אונטערוואַרפן זיך דעם אורטייל פון מאָסקווע און איבערגעבן די מאַכט צו מק״י מיט אַלע אירע רעזולטאַטן, אַזוי ווי עס איז שוין פריער אָנגעצייכנט געוואָרן, — דאָס הייסט, די איבערייסונג פון מדינת ישראל מיטן גלות־אידנטום און דאָס „מבטל־מאַכן״ די עקזיסטענץ פון אידישן פאָלק, אָפּשטעלונג פון דער עליה, ליקווידאַציע פון מפ״מ, אַ קאַמף קעגן דער בורזשואַזער — נאַציאָנאַליסטישער — רעאַקציאָנערער — אימפּעריאַליסטישער — קאָסמאָפּאָליטישער ציוניסטישער באַוועגונג, און אַ.וו. און אַ.וו.

## 5. צום גליק דראָט זיי נישט אַזאַ סכנה...

פון דערדאָזיקער ביטערער ברירה וועט זיך מאיר יערי נישט קענען אַרויס־דרייען, — אויב זיין נבואה אָדער זיין תפילה אין כנסת — וועט פאַרווירקלעכט ווערן און די מאַכט אין ישראל וועט איבערגיין אין זיינע הענט. צום גליק פון יערי דראָט אים נישט אַזאַ סכנה. מפ״מ „שליסט זיך נישט צוזאַמען״, דאָס פאָלק האָט זיך נאָך נישט צונויפגעקליבן און נישט פאַראייניקט ארום איר, און דידאָזיקע פּאַרטיי, וועלכע איז געפאַנגען אין דער נעץ פון אירע קעגנזעצלעכע אידעאָלאָגיעס, איז נישט מחויב און נישט מסוגל פּראַקטיש צו פאַרווירקלעכן איר פאַרדאַרבענע און סתירות־פולע לערע, און זי פאַר׳סמ׳ט נאָר מיט איר זיך זעלבסט און טיילן פון דער יוגנט. און דעריבער קען זי פאָדערן פון אַנדערע צו טאָן זאַכן, וואָס זי אַליין איז נישט בכוח זיי צו טאָן. זי איז מסוגל צו מאַכן זיך נישט זעענדיק די קעגנזאַצן, וואָס פאַרוואַנדלען איר לערע אין אַ פאַלשע טעאָריע, און אָנשטאָט אַ סינטעז פון סאָציאַליסטישן ציוניזם, ליידיקט זי בלויז אויס דעם ציוניזם פון זיינע אידישע אינהאַלטן און זי פעלשט די אמת׳דיקע פּרינציפּן פון סאָציאַליזם; און דער גאַנצער וועזן פון דער עקזיסטענץ פון דערדאָזיקער פּאַרטיי איז נאָר אַ ממשות׳דיקע הילף, כאָטש נישט מיט קיין אויס־געוועכנטער מיינונג, פאַר די שונאים און קעגנער פון דער ישראל׳דיקער אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע ווילן זי זען אַ געשפּאָלטענע און אַ מאַכטלאָזע.

דער „השומר הצעיר״ האָט אויפגעטאָן פּאָזיטיווע זאַכן אין לאַנד — אויף וויפיל ער איז געווען אַ געטרייער תלמיד פון דער ארץ־ישראל׳דיקער אַרבעטער־באַוועגונג און איז געגאַנגען אין די וועגן פון די, וועלכע האָבן אויסקריסטאַליזירט

און פאַרווירקלעכט די גרונט־ווערטן פון אונזער באַוועגונג. אָבער באַלד פון ערשטן מאָמענט פון זיין קומען אין לאַנד, זיינען בולט געוואָרן ביים „השומר הצעיר" בייגונגען אָפּצוזונדערן זיך פונם כלל פון דער אַרבעטער־געזעלשאַפט: און דידאָזיקע טענדענץ פון „השומר הצעיר" האָט געדינט אַלס מאַגנעט פאַר די אַלע פאַרדאָרבענע בייגונגען, וועלכע האָבן זיך אַנטפּלעקט דאָ און דאָרט אין דער אָדער יענער צייט, אין טיילן פון זיין לאַגער, און געשאַפן אַ „פאַרייניקטע" פאַרטיי, וואָס מיט אירע קאָנ־פליקטן און שפּאַלטונקען האָט זי גישט קיין גלייכן צו זיך אין דער גאַנצער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג און אויך איר „סינטעז"־פאָרמולירונג, וואָס איז פול מיט קעגנ־זאַצן און סתירות, איז פרעמד דעם געדאַנק פון אידישן אַרבעטער.

די נאָענטע צוקונפט וועט באַווייזן צי עס איז דאָ אַ בעסערע אויסזיכט פאַר דערדאָזיקער באַוועגונג, וועלכע איז פול מיט קעגנזאַצן, אידעאָלאָגישע, מאָראַלישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע סתירות, און צי עס איז דאָ אַ ממשות׳דיקע האָפנונג פאַר אַן אַלגעמיינע פאַרייניקונג פון די ישראל׳דיקע אַרבעטער, אַ ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע פאַרייניקונג, טעאָרעטיש און פּאַקטיש גלייכצייטיק.

# דערגאַנצונגען

1. אויפטועז דורך טייכן טרערן און בלוט

די דעמאָראַליזירונג און די סכנה פון דעם טאָטאַליטאַרן רעזשים אין אַלע זיינע פאָרמען און סאָרטן, סיי ווען ער רופט זיך מיטן נאָמען „נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם״, ווי היטלערס רעזשים, און סיי ווען ער הילט זיך איין אין אַ „קאָמוניסטישע״ טאָגע, ווי סטאַלינס רעזשים, און סיי, ווער ער טראָגט מיט שטאָלץ דעם נאָמען פאַשיסט, ווי מוסאָליניס רעזשים, — און יעדער פון דידאָזיקע דריי רעזשימען איז געווען אַבסאָלוט אַנדערש פונם אַנדערן, — ברענגען שאָדן נישט בלויז די איינוואוינער און די פעלקער, וועלכע זיינען אונטערגעוואָרפן צו אָט דעם טיראַנען־רעזשים. אויך די קעגנער פונם טאָטאַליטאַריזם קענען ליידן פון דעמדאָזיקן רעזשים — בעת דער ווידערשטאַנד און דער זעלבסט־פאַרטיידיקונג, וועלכע זיינען נישט איבערקלויבעריש אין מיטלען: דער טאָטאַליטאַרער רעזשעם אַנערקענט נישט קיין ליכטער און שאָטנס, קיין שטופעס און קיין מאָסן. אָדער אַלץ איז שוואַרץ, אָדער אַלץ איז ווייס. אָדער דו ביסט מסכים אויף גאַנצע הונדערט פראָצענט מיטן הערשער און דו פירסט אויס זיין ווילן אָן שום נאָכטראַכטעטענישן און ספק, און דו ביסט דאַן כשר און געטריי און באַקומסט שכר און באַלוינונג מיט אַ ברייטער האַנט, אָדער דו טרעטסט אָפּ אויף איין האָר פון דער „גענעראַל־ליניע״ און פון דעם דיקטאַטאָרס גזירה, און מען פראָקלאַמירט דיך אַלס שונא אין פאַרעטער און דו ווערסט פאַרשמפּט אָן רחמנות מיט דער גאַנצער שטרענג־קייט און אַכזריות׳דיקייט. די קעגנער פונם טאָטאַליטאַרן רעזשים און זיינע באַקעמפער ווייסן נישט שטענדיק, ווי אַזוי זיך אָפּצוהיטן פון דער נעץ און שטייג, וואָס די טאָטאַליטאַרע וועלט־אַנשויאונג גרייט פאַר זיי צו, און עס קען טרעפן, אַז אין זייער אידעאישן קאַמף קעגן דער סכנה פון די טיראַנען און דיקטאַטאָרן, זאָלן זיי זיך גאָר באַנוצן מיטן געווער פון יענע און נעגירן יעדן פאָזיטיוון עלעמענט, וואָס איז ממילא פאַראַן אויך אין די אויפטועז פון דעם טיראַנען־רעזשים, און יעדע פעיקייט און באַגאַבונג, וועלכע עס קענען פאַרמאָגן די דיקטאַטאָרן.

דער טאָטאַליטאַרער רעזשים איז אַ שעדלעכער רעזשים אין זיין יסוד: ער דערנידריקט דעם מענטשלעכן כבוד, שטעלט אין געפאַר דעם וועלט־שלום און די פרייהייט פון די פעלקער, ער עקזיסטירט מיטן כוח פון טעראָר און פון אַ נעץ פון שפּיאָנען און תליינים, וועלכע וואַרפן אָן אַ שרעק אויפן פאָלק. אָבער דאָס באַדייט נישט, אַז דערדאָזיקער רעזשים איז נישט פעיק צו בויען פּרעכטיקע שאָסייען און לוקסוריעזע געביידעס, צו שאַפן רייכע ביבליאָטעקן און גרויסאַרטיקע מוזעאומס, צו אַנטוויקלען די לאַנדווירטשאַפט און די אינדוסטריע און באַזאָרגן דאָס פאָלק מיט „ברויט און פאַרוויילונגען״. ווען דאָס וואָלט געווען דער איינציקער מאָסשטאַב אין דער היסטאָריע— וואָלטן אַלע באַרימטע דעראָבערער און אונטערדריקער אין דער מענטשלעכער געשיכטע, די הערשער פון די אַלטע און נייע אימפּעריעס, וועלכע האָבן באַוועלטיקט אָפּגעשטאַנענע און שוואַכע פעלקער — באַקומען דעם נאָבל־פּרייז פון דער מענטשהייט, און זייער הערשאַפט וואָלט עקזיסטירט אייביק. עס איז כמעט נישטאָ קיין איין דיקטאַטור — צי אין געשטאַלט פון אַ איין־פּערזאָן דיקטאַטור, צי אין גע־שטאַלט פון א קאָלעקטיווע דיקטאַטור, אין דער פאָרם פון אַ אימפּעריאַליסטישער מדי־

נה, וועלכע האָט אויפגעצוואונגען איר אַבסאָלוטע הערשאַפט אויף פרעמדע פעלקער, — וועלכע זאָל נישט האָבן איבערגעלאָזט נאָך זיך מער־אָדער־ווייניקער פאַרבלייבענדיקע ציוויליזאַטאָרישע ווערק. מען איז נישט מחויב אָנצונעמען די גאַנצע גלאָריפיקאַציע־טעאָריע וועגן די פאַרצייטיקע צאַרן אין רוסלאַנד, ווי עס טוט איצטער די סטאַליניסטי־שע וויסנשאַפט אין ראַטנפאַרבאַנד, און מען טאָר נישט פאַרגעסן אויף קיין איין מאָמענט די טייכן טרערן און בלוט, וואָס זיינען פאַרגאָסן געוואָרן צוליב די דעראָבערונגען פון די רוסישע צאַרן, אָדער אַנדערע פרעמדע דעראָבערער אין אַמאָליקע און אין אונזערע צייטן, אָבער מען קען אויך נישט אָפּלייקענען די פּאָזיטיווע אויפטוען, וועלכע די דעראָבערער און דיקטאַטאָרן האָבן אויפגעטאָן אין זייער דעראָבערונגס־צוג סיי אויפן מאַטעריעלן געביט און סיי אויפן גייסטיקן געביט; קיין שום רעזשים קען נישט עקזיסטירן אויב ער דערפילט נישט אין אַזאַ אָדער אין אַן אַנדער פאָרם עפּעס פונם ווילן פון פאָלק, וואָס איז אונטערגעוואָרפן דעם רעזשים, און אויב ער גיט נישט עפּעס דעם כלל אויף וועלכן ער הערשט.

די אומבאַגרענעצטע קעגנערשאַפט צו טיראַניע, דאָס פסלען דעם טאָטאַליטאַרן רעזשים אין אַלע זיינע פאָרמען, זיינען נישט קיין רעזולטאַט פון דער אומפעיקייט פון די טיראַנען און דיקטאַטאָרן. עס זיינען פאַראַן טיראַנען פעיקע און אַפילו גאוניש. עס איז נישט נויטיק צו פאַראורטיילן אַלץ, וואָס ווערט געמאַכט דורך אַ רעזשים פון אַ דיקטאַטאָר נאָר דערפאַר ווייל דאָס איז געמאַכט געוואָרן דורך אַ דיקטאַטאָר און נאָר דערפאַר ווייל דער דיקטאַטאָר פאַראורטיילט אַלץ, וואָס עס טוען זיינע קעגנער.

אַנטקעגן דעם טאָטאַליטאַרן רעזשים שטייט דער רעזשים פון פרייהייט, אָבער עס איז נישט פאַראַן קיין טאָטאַליטאַרישע פרייהייט. יעדע פרייהייט איז באַגרעניצט, און עס זיינען פאַראַן אַ סך באַגרענעצונגען.

אַ מענטש קען נישט טאָן וואָס עס פאַרווילט זיך אים אין אַ רעזשים פון פרייהייט. די פרייהייט פון יעדן מענטש איז באַגרענעצט דורך דער פרייהייט פונם צווייטן און דורך טובת הכלל. זי איז אויך באַגרענעצט דורך דער מידה פון אמת. אַ מענטש איז נישט באַרעכטיקט צו זאָגן אַלץ וואָס אים פאַרווילט זיך, — ער דאַרף פריער קאָנ־טראָלירן צי זיינע ווערטער זיינען אין איינקלאַנג מיט דער ווירקלעכקייט, מיט די געשעענישן, מיט די פאַקטן, מיטן אמת. און יעדע טאָטאַלע נעגאַציע איז ממילא אַ זינד קעגן אמת, — און זי פאַרשטאַרקט נאָר, ווען אַפילו אומבאַוואוסטזיניק, די טאָטאַלי־טאַרע טענדענצן.

די פּראַקטישע שאַנסן, וועלכע היטלער האָט געבויט אין נאַציאָנאַל דייטשלאַנד, קענען נישט באַרעכטיקן די שחיטה פון אידישן פאָלק, זיי קענען אויך נישט באַרעכ־טיקן, נישט די אונטערדריקונג פון טשעכאָסלאָוואַקיע און פוילן, און נישט זיינע באַגערן צו באַהערשן איירָאָפּע און די גאַנצע וועלט. מען דאַרף אָבער נישט אָפּ־לייקענען די עקזיסטענץ פון די שאַנסן, כדי אָפּצוּוואַרפן דעם רעזשים פון היטלערן און די טומאהדיקע נאַצישע אידעאָלאָגיע.

און די פּינקטלעכקייט אינם גאַנג פון די באַנען, וואָס מוסאָליני האָט איינ־געפירט, און די בליענדיקע איטאַליענישע ישובים, וועלכע ער האָט געגרינדעט אין ליביע און אין אַביסיניע, כשרן נישט דעם פאַשיסטישן רעזשים און זיי באַרעכטיקן נישט זיינע אימפּעריאַליסטישע דעראָבערונגען אין אַפריקע.

אַזוי איז אויך לגבי דער שווערער אינדוסטריע וואָס סטאַלין האָט אַנטוויקלט און די איבעריקע פּאָזיטיווע זאַכן, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרן אין דער תקופה פון זיין הערשאַפט, — זיי קענען נישט כשר׳ן און באַרעכטיקן די פעלשונג פון די ווערטן פון דער רעוואָלוציע און פונם סאָציאַליזם, די פּאַלסיפיצירונג פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, דאָס אויסמאָרדן די קאָמוניסטישע פירער און די אויס־ראָטונג פון אַרבעטער־ און פּויערן־מאַסן, די אונטערדריקונג פון מענטשלעכע פרייהייט, דאָס צונעמען די רעכט ביים פאָלק צו ווילן זיין רעגירונג און זי צו קענען קריטיקירן אויף אַ פרייען אופן, די פאַרוואַנדלונג פון די פאָלקס־מאַסן, די שרייבער, די קינסטלער און וויסנשאַפטלער — אין ראָבאָטן, וואָס חזר׳ן איבער די ווערטער פון פירער, דעם בונד מיט היטלערן אין אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, די אונטערדריקונג פון די אידן אין רוסלאַנד, וואָס איז געווען באַגלייט מיט שנאת ישראל, די דער־אָבערונג פון די שכנותדיקע לענדער, די אונטערהאַלטונג פון רוסישן שאָוויניזם אין דער ליטעראַטור און אין דער וויסנשאַפט, די ליקווידאַציע פון יעדער באַוועגונג, מיינונג און געדאַנק, וואָס נעמט נישט אָן די גזירה פונם הערשער, די פאַרשקלאַפונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַנדערע לענדער צו די באַדערפענישן פון דער רוסישער פּאָליטיק, דאָס שאַפן אַן אָפּגעשלאָסענע מויער צווישן דער רוסישער אימפעריע און אַלע איבעריקע וועלט־טיילן.

עס איז אַ נאַרישקייט צו פסל׳ען די גוטע זאַכן און טאָטן וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אין ראַטנפאַרבאַנד דורך סטאַלינען און זיינע מיטהעלפער, נאָר דערפאַר, ווייל סטאַלינס רעזשים איז אַ שלעכטער. געוויסע ערנסטע אויסבעסערונגען, וועלכע זיינען אין אייראָפּע געמאַכט געוואָרן אין ניינצנטן יאָרהונדערט, זיינען אַדורכגעפירט געוואָרן דורך סטאַלינען בשעת זיין הערשאַפט, אין צווייטן פערטל פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, און עס איז נישטאָ קיין שום יסוד צו פאַרקלענערן זיין ווערט. די געשיכטע האָט נישט פאַרקלענערט דעם ווערט פון פּיאָטר דעם גרויסן, איינער פון די צאַרישע טיראַנען, וועלכער האָט געפירט רוסלאַנד אויפן וועג פון אייראָפּעיזאַציע, און נישט דעם ווערט פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן, וועלכער האָט ליקווידירט די פראַנצויזישע רעוואָלוציע, ווי עס האָט געטאָן סטאַלין מיט לענינס רעוואָלוציע.

2. די מאַכט אין רוסלאַנד, דאָס פּריוואַט־אייגנטום פון דיקטאַטאָר

אַ סך וועלן זיך וואונדערן, וואָס דער גרוזינער דזשוגאַשווילי האָט איבער־גענומען די מאַכט אין רוסלאַנד, און דווקא ער, אונטער דער מאַסקע פון „סאָציאַליזם אין איין לאַנד״, ענדערנדיק זיין נאָמען אויף סטאַלין, האָט אַנטוויקלט און געשטאַרקט די רוסישע אימפעריע אויף אַזאַ אופן, וואָס אפשר, קיין שום צאַר פאַר אים האָט עס נישט באַוויזן צו טאָן. דאָס איז אָבער נישט דער ערשטער פאַל אין דער רוסישער געשיכטע. פאַר סטאַלינען איז עס געווען אַ דייטשע פרוי. נישט קיין איבעריקע צנועה, סאָפיאַ־אויגוסטאַ־וויקטאָריאַ פון דער פאַמיליע אַנהאַלט־זערבסט, וועלכע האָט חתונה געהאַט מיט דעגענערירטן צאַר פּיאָטר דעם דריטן און וועלכן זי האָט „ליקווידירט״ מיט דער הילף פון אירע געליבטע און געהערשט אויף זיין אָרט 34 יאָר און זי האָט זיך דערוואָרבן דאָס האַרץ פון רוסישן פאָלק. אויב מיר זאָלן גלייבן די אָפיציעלע געשיכטע־שרייבער, און זי האָט אויך דערהויבן איר נאָמען צווישן די גרעסטע פּער־

זענליכקייטן אין אייראָפּע, אין שפּיץ פון וועלכע עס האָט זיך געפונען וואָלטער, און זי האָט זוכה געווען אָנגערופן צו ווערן אין דער רוסישער געשיכטע מיטן נאָמען „יעקאַטערינע די גרויסע״.

עס איז מעגלעך, אַז די נאַציאָנאַליסטישע רוסן, וואָס דער כבוד פון דער רוסישער אימפּעריע שטייט בײַ זיי איבער אַלעס, וועלן מיט רעכט אָנרופן סטאַלינען מיטן נאָמען „יאָסיף דער גרויסער״. אויך די אוקראַאינער אין אונזער צײַט, מיט דער אָקצעפּטירונג פון דער סטאַליניסטישער מאַכט, האָבן אָנערקענט דעם פּאָגראָם־העלד באָגדאַן כמעלניצקי פאַר זייער נאַציאָנאַלן העלד, און די סאָוויעטישע מאַכט האָט באַשטימט מיליטערישע כבוד־אָפּצייכנונגען אויפן נאָמען פון דעם פּאָגראָמשטשיק און מערדער, וועלכער האָט פאַרגאָסן טײַכן אידיש בלוט. די סאָוויעטישע היסטאָראָגראַפיע אין סטאַלינס תקופה האָט אַדורכגעפירט אומשיכטונגען און געענדערט ווערטן: אַלע דעראָבערישע און פאַרשקלאַפּערישע כוחות אין דער רוסישער געשיכטע, וואָס די פּראָגרעסיווע, סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ פון נײַנצנטן יאָרהונדערט און פון די ערשטע דרייסיק יאָר פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט — האָט זיי געהאַלטן פאַר פאַרשטייער פון רעאַקציע און אונטערדריקונג, ווערן איצט גע־שילדערט אין דער רוסישער וויסנשאַפט, אַלס פאָרשריטלעכע כוחות. און אויב דאָס אויסבויען אַ מעכטיקע אַרמיי און דאָס דעראָבערן שכנותדיקע לענדער איז אַ ווערק, וואָס איז כדאי געלויבט צו ווערן פון נאַציאָנאַליסטישן שטאַנדפּונקט, שטייט געוויס סטאַלין נישט נידעריקער פון די גרויסע רוסישע דעראָבערער און פאַרשקלאַפּער. אָבער פּונקט אַזוי ווי אַנדערע פעלקער קענען נישט זען אין „איוואַן דעם גרויזאַמען״ קיין מענטשלעכן אידעאַל און טרעגער פון דער באַפרייאונגס־מיסיע, אַזוי געניגן נישט די אימפּעריאַליסטישע דעראָבערונגען פון סטאַלינען אין אונזער צײַט צו אָנערקענען אים אַלס אַ ליכט־זייל פאַר פעלקער. און ווען דאָס רוסישע פאָלק נעמט אָן מיט ליבשאַפט שוין הונדערטער יאָרן דעם רעזשים פון טיראַניע און זײַן האַרץ איז מסכים (ווער קען קאָנטראָלירן נשמה און האַרץ אין אַ רעזשים פון דיקטאַטור?) אויך מיט דער הערשאַפט פון סטאַלינען — הייסט דאָס נישט, אַז עס איז געוואונטשן אַרויפצו־צווינגען דידאָזיקע מאַכט אויך אויף פעלקער, וועלכע האָבן שוין פאַרזוכט דעם טעם פון פרייהייט, און זיי גייען פאַרויס אַנטקעגן דעם סאָציאַליסטישן רעזשים מיטן כוח פון אַ באַפרייטער אַרבעטער־באַוועגונג.

נאָכדעם ווי עס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן די נײַע רעגירונג אין ראַטנ־פאַרבאַנד, נאָכן טויט פון סטאַלינען, איז צוזאַמענגערופן געוואָרן דער העכסטער סאָוויעט אויף אַ קורצע ווײַלע און מאַלענקאָוו האָט געמאָלדן, אַז די רעאָרגאַניזאַציע פון דער רעגירונג אונטער זײַן אָנפירונג, איז געמאַכט געוואָרן לויטן ווילן פון סטאַלינען. קיינער קען נישט זאָגן, אַז דאָס איז אויך נישט וויכטיק, צי סטאַלין האָט באמת מסכים געווען צו דער איצטיקער אָרדנונג אין דער רוסישער מאַכט, צי נישט. אָבער די עצם מעלדונג פון מאַלענקאָוון האָט אַ באַלערנדיקע באַדײַטונג, וועלכע ער איז בכלל נישט אויסן געווען אונטערצושטרײַכן. מיט דערדאָזיקער מעלדונג איז דער נײַער הערשער מודה, אַז נישט נאָר דאָס רוסישע פאָלק, דער רוסישער אַרבעטער־קלאַס, האָט נישט קיין שום אָנטייל און קיין שום דעה אין דער פעסטשטעלונג פון דער רעגירונג, נאָר אַז אַפילו די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט נישט קיין שום דעה אין איר

פאַרמירונג. די מאַכט אין רוסלאַנד איז די אינדיווידועלע פּריווילעגיע, דאָס פּריוואַט־אייגנטום פון יאָסיף סטאַלין און ער פירט אַריבער זיין רעכט און זיין אייגנטום צו דעם, וואָס געפעלט אים, און מען דאַרף נישט פרעגן נישט דאָס פאָלק, נישט די אַרבעטער און אַפילו נישט די פּאַרטיי, און דאָס ווערט אָנגערופן אין דער סטאַליניס־טישער טערמינאָלאָגיע מיטן נאָמען „אַרבעטער רעגירונג״. איז וואָס פאַרא וואונדער, אַז די אונטערדריקונג פון די אידן און אַנדערע מינדערהייטן רופט מען מיטן נאָמען גלייכבאַרעכטיקונג און זעלבסט באַשטימונגס־רעכט פאַר אַלע פעלקער?

### 3. דער סאָוויעטישער דאַלאַי־לאַמאַ

דער רעזשים וואָס סטאַלין האָט געשאַפן אין רוסלאַנד איז ענלעך פון געוויסע שטאַנדפּונקטן צום רעזשים, וואָס האָט געהערשט אין טיבעט ביז דער איצטיקער צייט, ביז דאָסדאָזיקע לאַנד איז דעראָבערט געוואָרן דורך דער קאָמוניסטישער כינע אין די לעצטע יאָרן. אַזוי ווי ראַטנפאַרבאַנד איז אויך טיבעט געווען אינגאַנצן אָפּגעשלאָסן, און אין איר שפּיץ איז געשטאַנען אַ הערשער, איינציק אין זיין מין, וועלכער איז געווען סיי דער מדינה־הערשער און סיי דער העכסטער גייסטלעכער פונם טעמפּל און דער אויסדרוק פון דער פולקאָמענער חכמה און שלמות. אין אים איז געווען פאַרקערפּערט די העכסטע קלוגשאַפט, ער האָט געוואוסט אַלץ, ער איז געווען דער דערהויבנסטער פון אַלע און זיין וואָרט — איז געווען דער לעצטער און ענד־גילטיקער פּסק־דין אין יעדער זאַך און אין יעדער פראַגע אָן שום אויסנאַם — ממש אַזוי ווי סטאַלין.

אַזוי ווי די סטאַליניסטישע קירכע איז אויך די טיבעטישע קירכע געגרינדעט געוואָרן דורך די תלמידים פון אַ נביא, וואָס ער אַליין אז געווען אַן אַטעיסט און געלייקנט אין גאָט און אין נשמה, און האָט אָנערקענט אַן אומאָפּשטעלבאַרע קייט פון דערשיינונגען, וואָס יעדע איינע פון זיי דינט אַלס פאַקטאָר און סיבה פאַר דער צווייטער. דערדאָזיקער נביא איז געבוירן געוואָרן אין אינדיע און זיין נאָמען איז געווען סידאַרטאַ גאַטאַמאַ, און ער איז באַקאַנט אין דער וועלט אונטערן נאָמען בודדאַ (דער ליכטיקער), דערדאָזיקער אַטעיסטישער נביא איז פאַרוואַנדלט געוואָרן דורך זיינע תלמידים און תלמידים פון זיינע תלמידים אין אַ גאָט, און די אָפּבילדער פון בודדאַ זיינען פאַרשפּרייט אין די ווייטע אַזיאַטישע לענדער, נישט אין קיין קלענערער צאָל, ווי די איקאָנע פון סטאַלינען אין ראַטנפאַרבאַנד, אין די לענדער פון דער „פאָלקס־דעמאָקראַטיע״ און אין די ישובים פון השומר־הצעיר. ווען בודדאַ וואָלט אויפגעשטאַנען תחית המתים און דערזען וואָס זיינע גלויביקע האָבן געמאַכט מיט זיין תורה — וואָלט ער דערשיטערט געוואָרן; און אָן ספק, אַז אויב לענין וואָלט אויפגעשטאַנען פון זיין קבר און ער וואָלט דערזען וואָס דער גרוזינער סטאַלין האָט געמאַכט פון זיין לערע — וואָלט ער אויפגעציטערט און אויפגעשוידערט געוואָרן, און ער וואָלט צוריק אַוועק אין זיין קבר, אויב מען וואָלט זיך נישט צוגעאיילט און אים געטויט, ווי מען האָט עס געטאָן מיט אַ סך פון זיינע חברים און מיטהעלפער.

מיטן טויט פון סטאַלינען נויטיקט זיך די קירכע אין אַ נייעם דאַלאַי־לאַמאַ, וואָס זאָל איבערנעמען דאָס אָרט פון דעם פירער פון די פעלקער, — דער גרעסטער וויסנשאַפטלער, די שלמות פון קלוגשאַפט און פאַרשטאַנד, דער ריטער פון גבורה און

ישועה, וועלכער איז געקומען פון דער קלייגער גרוזיע צו רעגירן איבערן גרויסן רוסלאַנד.

אויך דער נייער הערשער אין ראַטנפאַרבאַנד מוז פאַרמאָגן אין זיך די אַלע דערהויבענע אייגנשאַפטן און די גאונישע פעיקייטן און דעם מעכטיקן גייסט, וואָס עס האָט געהאַט זיין פאַרגענגער; אַזוי ווי אין יעדן נייעם דאַלאַי־לאַמאַ אין טיבעט לעבט די גרויסע נשמה פון דעם פאַרשטאָרבענעם דאַלאַי־לאַמאַ. אין טיבעט האָט „געקלאַפּט" די הערשאַפט־שיטה פונם דאַלאַי־לאַמאַ הונדערטער יאָרן. נאָכן טויט פונם העכסטן הערשער און דעם הויפּט פונם טעמפּל איז נישט אַוועק קיין סך צייט — ביז עס איז אַנטפּלעקט געוואָרן זיין יורש, וואָס האָט אין זיך געהאַט אַלע אייגנשאַפטן און פעיקייטן און מעלות פון זיין פאַרגענגער. זעלטן ווען האָבן זיך באַוויזן צוויי דאַלאַי־לאַמאַס, וועלכע האָבן געקעמפט פאַר דער ירושה. אין די מערסטע פאַלן האָט מען געפונען דעם „גלגול" תיכף נאָכן טויט פון זיין פאַרגענגער.

די צוקונפט וועט באַוויזן צי אויך אין ראַטנפאַרבאַנד וועט אָנקומען אַזוי לייכט צו געפינען אַ נייעם דאַלאַי־לאַמאַ, וואָס דאָס גאַנצע פאָלק, און ספּעציעל די מאַסן אונטערהעלפער פונם הויפּט פון דער מדינה און פון דער קירכע, וועלכע טראָגן דעם נאָמען לאַמאַ, וועלן מיט צופרידנהייט אָנערקענען זיין הערשאַפט. ווען עס וועט געלונגען צו באַהערשן דעם כל־יכולדיקן אַפּאַראַט פון דער מעכטיקער געהיימפּאָליציי, וואָס געוועלטיקט איבער דער גראַנדיעזער אימפּעריע, וועלכע מען רופט ראַטנ־פאַרבאַנד — אין דעם וועט מגולגל ווערן די נשמה פונם פעלקער־פירער, און די פּרעסע און דער ראַדיאָ און די קאָמענטאַטאָרן אין ראַטנפאַרבאַנד און אין די לענדער פון דער „פאָלקס־דעמאָקראַטיע" וועלן רימען און לויבן און דערהויבן און באַוואונ־דערן און בענטשן דעם נאָמען פון דעם נייעם סאָוויעטישן דאַלאַי־לאַמאַ, ווי עס האָט אָנגעהויבן צו טאָן די צייטונג „על המשמר" לגבי מאַלענקאָוון.

4. אָנשטאָט אַן ענטפער — אַנגריפן קעגן ישראלדיקן פּרעמיער

די באַשיידענע אַרטיקלען פונם שרייבער פון דידאַזיקע שורות „וועגן דעם קאָמוניזם און דעם ציוניזם פון השומר־הצעיר", האָבן, צוליב וועלכער עס איז סיבה, אַרויסגערופן אומאויפהערלעכע אָפּקלאַנגען אין די לינקע צייטונגען, — אין „על המשמר", אין „קול־העם", אין נייעם אָרגאַן פון דער סנה־גרופּע און אויך אין דער „חרות"־צייטונג פון הער בייגין. אַזוי ווי די ווערטער זייגען נישט געווען געווענדעט צו די חברים פון מיקוניס און טופיק טובי און אויך נישט, להבדיל, צו די חברים פון מנחם בייגין — האָבן דעריבער זייערע רעאַגירונגען נישט צו טאָן מיט דער זאַך. אָבער מען דאַרף אונטערשטרייכן און מיט שטוינונג, אַז אויך די חברים פון השומר־הצעיר — יערי, בנטוב, צפור, עמית און אַנדערע, וועלכע האָבן געווידמעט אַ סך פון זייער בעסטער פּובליציסטישער פּרוקטבאַרקייט אָנצושרייבן טיפע פאַרשונגס־אַרטיקלען וועגן פּירוש און באַדייט פון מיין פּריוואַטן נאָמען און מיין פאַמיליע־נאָמען, האָבן נישט געפונען די באַדערפעניש צו באַהאַנדלען די פראַגן וואָס זייער „אונטער־טעניקער קנעכט פון צווישן די צענער־טויזנטער פון ישראל" האָט אָנגערירט אין זיינע אַרטיקלען, און זיי האָבן אַפילו נישט געפּרוווט צו צעשטערן מיינע ווערטער וועגן די סתירות און וועגן דער צוויי־פּנימדיקייט אין דער תורה און אין די טאַטן פון

די חברים פון השומר־הצעיר און וועגן די אינערלעכע קעגנזאַצן פון דעם „סינטעז“ מיט וועלכן זיי באַרימען זיך אַזוי.

אַנשטאָט אַזאַ זאַכלעכע און ערנסטע אויפקלערונג האָבן זיי זיך אויסגעקליבן אַ לייכטע און אָנגענעמע מלאכה, מיט וועלכער זיי פאַרנעמען זיך סיי ווי סיי אין די טעג פון אַ גאַנץ יאָר. די מלאכה פון גריַנגשעצונג, באַליידיקונגען און פערזענלעכע אָנגריפן קעגן דעם ישראלדיקן פרעמיער־מיניסטער.

דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות איז נישט מחויב צו פאַרטיידיקן דעם פרעמיער־מיניסטער, ווען ער אַליין טוט דאָס נישט. ווי עס זעט אויס, אינטערעסירט עס אים בכלל נישט, וואָס די מענטשן פון „על המשמר“, „קול־העם“ און „חרות“, וואַרפן אויף אים אָן אויפהער באַליידיקונגען און באַשמוצונגען. און אויב עס איז ניחא דעם פרעמיער־מיניסטער — וואָס דאַרף איך מיך פאַר אים אָנעמען ?

דער באַרימטער פירער פון השומר־הצעיר, דער ענערגישער קעמפער פאַרן סינטעז, וואָס ווערט צעפרעסן פון קעגנזאַצן, האָט נאָך נישט פאַרענדיקט זיין סעריע אַרטיקלען וועגן „זייער שונא — דער סינטעז“, און עס איז נאָך דערווייל דאָ אַ האָפנונג, אַז באַכדעם ווי ער וועט אויסגיסן זיין גאַנצן גרימצאָרן אויפן פאָלקס־פיינט נומער איינס, ווי עס האָט אָנגערופן אין זיין צייט, איינער פון די מפ״מ־פירער אין כנסת דעם פרעמיער־מיניסטער, וועט ער אפשר אויך פרווון דערקלערן, פאַרוואָס פאַרטיידיקט דער השומר־הצעיר אורנען און נישט סלאַנסקין, פאַרוואָס איז דער סאָציאַליסטישער משפט־צדק גערעכט לגבי יעדן קאָמוניסט, און נישט לגבי די חברים פון השומר־הצעיר ; פאַרוואָס דאַרף לויט זיין מיינונג, די גאַנצע וועלט אָנעמען דעם דין פון סטאַלינען אויסער דער קיבוץ־הארצי פון השומר־הצעיר ; פאַרוואָס זיינען דער־מאָרדעט געוואָרן אַלע חברים פון לענינען און אַלע פירער פונם קאָמוניזם אין די לענדער פון דער פאָלקס־דעמאָקראַטיע און זיי האָבן זיך „מודה“ געווען, אַז זיי זיינען פאַרעטער, צעשטערער און אַגענטן פונם אימפּעריאַליזם ; פאַרוואָס רופט מען די זעלבסט־הערשונג פון סטאַלינען מיטן נאָמען „אַרבעטער־רעגירונג“ ; פאַרוואָס האָט מען צוגערויבט ביי די רוסישע אַרבעטער און פויערים, ביי רוסלאַנס שרייבער און קינסטלער, יעדע מענטשלעכע רעכט אויסצודריקן זייער פרייע מיינונג וועגן דער מאַכט, וועגן ליטעראַטור און וויסנשאַפט ; פאַרוואָס דערמאָנט מען איצט די „צווייפלדיקע פאַרגאַנגענהייט“ פון מ. סנה און פאַרוואָס האָט די דאָזיקע פאַרגאַנגענהייט אים נישט געשטערט צו זיין אין משך פון אַ סך יאָרן אַ מנהיג פון מפ״מ און דער רעדאַקטאָר פון „על המשמר“ ; פאַרוואָס איז ליקווידירט געוואָרן די השומר־הצעיר־באַוועגונג אין אַלע „לענדער פון דער פאָלקס־דעמאָקראַטיע“ ; פאַרוואָס מאַכט זיך השומר־הצעיר נישט זעענדיק די דערשטיקונג פון אידישן לעבן אין ראַטנפראַבאַנד זינט דרייסיק יאָר און מער ; ווי דערקלערט דער השומר־הצעיר די אָנווייזונגען פון מאָסקווע אין די יאָרן 1936—8 צו די אידישע און אַראַבישע קאָמוניסטן אין ארץ־ישראל צו העלפן דעם מופטי אינם פאַרניכטן די ציוניסטישע קאָלאָניזאַציע ; פאַרוואָס איז אין יאָר 1939 געשלאָסן געוואָרן אַ בונד צווישן סטאַלינען און היטלערן ; וויאַזוי פּאַסט צו דער השומר־הצעיר זיין פרעדיקן אָנצושליסן זיך אין דער „וועלט פון רעוואָלוציע“ מיטן חלוצישן ציוניזם, בעת די „וועלט פון רעוואָלוציע“ ליקווידירט דעם ציוניזם אויף יעדן אָרט, וואו איר האַנט דערגרייכט ; וויאַזוי פאַרפליכטעט זיך דער השומר־הצעיר צו

שטיין אויף דער זייט פון ראַטנפאַרבאַנד סיי אין שלום־צייט און סיי אין מלחמה־צייט, ווען ער האָט נישט קיין פאַרזיכערונג, אַז ראַטנפאַרבאַנד וויל נישט גיין צוזאַמען מיט די גרעסטע שונאים פון מדינת ישראל, אַזוי ווי זי האָט געמאַכט דעם בונד מיט היטלערן; ווי אַזוי דערקלערט ער די פונאַנדערבלאָזונג פון שנאת־ישראל אין פּראַגער פּראָצעס און אין די מאָסקווער בלבולים; וויאַזוי פּאַסט צו דער השומר־הצעיר זיין פאָדערונג פון נייטראַליטעט פון מדינת ישראל מיטן אָנשליסן זיך פון השוה״צ צו דער „וועלט פון רעוואָלוציע״; וויאַזוי וועט אַנטשטיין אַ „פאָלקס־דעמאָקראַטיע״ אין ישראל לויטן ווילן פון השוה״צ — און עס וועט איינגעהאַלטן ווערן די פאַרבינדונג מיטן אידנטום פון דער מערב־וועלט; פאַרוואָס עקזיסטירט אין ישראל אַ ליגע פאַר פריינטשאַפט ישראל—ראַטנפאַרבאַנד, אויב עס עקזיסטירט נישט אַזאַ ליגע אויך אין ראַטנפאַרבאַנד; פאַרוואָס איז דערלויבט געוואָרן די חברים פון השוה״צ צו באַגלייטן דעם סאָוויעטישן אַמבאַסאַדאָר אויף זיין וועג פון ישראל, און עס איז נישט דערלויבט געוואָרן קיין שום איד אין מאָסקווע צו באַגלייטן דעם ישראלדיקן אַמבאַסאַדאָר אויף זיין וועג קיין ישראל; פאַרוואָס מעג יערי טאָן דאָס וואָס עס טוט טיטאָ — און טיטאָ ווערט פּראָקלאַמירט דורך יערין אַלס פאַשיסטישער באַנדיט; פאַרוואָס איז פאַרבאָטן דער ישראל־רעגירונג אָננעמען אַ הלוואה פון אַמעריקע, אָבער דעם השומר־הצעיר קומט אַ חלק פון דערדאָזיקער הלוואה; פאַרוואָס האָבן די קאָמוניסטן און די נעאָ־נאַצים געשטימט אין באָן קעגן די צאָלונגען פאַר ישראל — און די קיבוצים פון השוה״צ קוקן שוין אויס מיט דורשטיקע אויגן אויף אַ חלק פון דידאָזיקע צאָלונגען; פאַרוואָס פאָדערט נישט דער השומר־הצעיר פון מזרח־דייטשלאַנד, אַז זי זאָל צוריק געבן די אידן דעם רויב און די גזילה פון די דערמאָרדעטע פון אונזער פאָלק, אַזוי ווי עס האָט זיך פאַרפליכטעט צו טאָן מערב־דייטשלאַנד; פאַרוואָס שליסט אויס דער קיבוץ־הארצי די חברים פון זייערע קיבוצים צוליב זייערע מיינונגען — און ער באַשולדיקט אַנדערע אין אַ „מכשפות־יאַגד״; — לאָמיר וואַרטן מיט געדולד אויפן ענטפער אויף דידאָזיקע און ענלעכע פראַגן, וועלכע זיינען געשטעלט געוואָרן מיט גרויסער און ערנסטער זאָרג פאַרן וואויל פון דער אַזוי יונגער מדינה, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט שונאים, און מיט זאָרג פאַר דער גאַנצקייט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און דער חלוצישער־באַוועגונג, וועלכע טראָגן אויף זיך די שווערע היסטאָרישע אחריות פאַר דער צוקונפט פון אונזער פאָלק. און אויב אָנשטאָט אַן ערנסטן ענטפער, וועלן די פירער פון השומר־הצעיר אויך אויף ווייטער שיטן שמוץ־זאַמד אין די אויגן — זאָל עס זיי וואויל באַקומען.

## 5. פאַר־צוויי־יאָרן און פאַר דרייסיק יאָר

און עס קומט אַ דאַנק אַ. סגולי׳ן, וועלכער פּרוּווט פאָלעמיזירן — אין „דבר״ — אין זיין רשימה „אויף די ראַנדן פון די אַרטיקלען פו ס. ש. יריב״ — אָן פערזענלעכע אָנפאַלן. אויך ער פאַרנעמט זיך נישט מיטן אינהאַלט פון דעם שרייבערס אַרטיקלען. ער דערקלערט גאָרנישט און באַווייזט גאָרנישט; נאָר ער געפינט אַ סתירה צווישן אַ קורצן ציטאַט, וואָס איז געבראַכט געוואָרן אין דערדאָזיקער סעריע פון מיינע אַרטיקלען וועגן השומ״צ, דעם פרעמיער־מיניסטערס ווערטער

מיט צוויי יאָר צוריק, און צווישן די ווערטער, וואָס ד. בן־גוריון האָט געשריבן מיט דרייסיק יאָר צוריק אין זיינע בריוו פון מאָסקווע צום ועד הפועל פון דער הסתדרות.

דידאָזיקע בריוו זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין זיין צייט דורכן קיבוץ־המאוחד, און זיי ליגן איצטער אויף מיין טיש, ווען עס ווערן געשריבן אָט די ווערטער.

און די סתירה איז, לויט א. סגולי, אַזאַ: מיט צוויי יאָר צוריק האָט ד. בן־גוריון געשריבן אַז די ישראלדיקע אַרבעטער דאַרפן אַנטשיידן צווישן ירושלים און דעם קרעמל, ווייל דער „קרעמל״ איז קעגן ירושלים. און מיט דרייסיק יאָר צוריק האָט געשריבן דערזעלבער ד. בן־גוריון פון מאָסקווע, און אויך דער פאַרשטאָרבענער ד. רמז ז״ל, דעם היפוך דערפון. און א. סגולי ברענגט די ציטאַטן פון פאַר דרייסיק יאָר, וועלכע באַווייזן די סתירה. לאָמיר׳זשע זאָגן גלייך: עס איז געוויס און געוויס פאַראַן אַ סתירה. און די סתירה שרייט מיט קולי־קולות און זי באַווייזט דעם תהום צווי־שן די יאָרן 1923 און 1953. נאָר א. סגולי האָט זיך טועה געווען מיטן אַדרעס: אַנשטאָט צו געפינען די סתירה צווישן דעם, וואָס איז אָנגערופן געוואָרן ראַטנפאַרבאַנד אין יאָר 1923 און דאָס וואָס ווערט אָנגערופן ראַטנפאַרבאַנד אין יאָר 1953 — געפינט ער אַ סתירה אין די ווערטער, וואָס זיינען געזאָגט געוואָרן וועגן ראַטנפאַרבאַנד אין דידאָזיקע צוויי אַזוי אַבסאָלוט פאַרשידענע תקופות.

און גוט האָט געטאָן א. סגולי, וואָס ער האָט ציטירט די ווערטער פון ד. בן־גוריון און דעם פאַרשטאָרבענעם ד. רמז פון דרייסיק יאָר צוריק וועגן ראַטנפאַרבאַנד, אַזוי ווי ער איז געווען דאָן; עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס ער האָט ציטירט אַזוי ווייניק; ווען ער וואָלט ציטירט אַ ביסל מער, וואָלט ער בולט געמאַכט דעם גאַנצן אָפּגרונט וואָס עקזיסטירט צווישן רוסלאַנד פון 1923 און צווישן רוסלאַנד פון 1953.

א. סגולי טענהט, און מיט רעכט, אַז עס וואָלט געווען ריכטיק, ווען דער מחבר פון די שורות „וועגן דעם קאָמוניזם און וועגן דעם ציוניזם פון השומר־הצעיר״, וועלכער ברענגט ציטאַטן פון זיינע קעגנער פון יאָרן צוריק — זאָל געדענקען און ציטירן ווערטער פון ד. בן־גוריון, רמז און אַנדערע נישט פון צוויי יאָר, נאָר אויך פון אַ סך יאָרן פריער. מיט צופרידנהייט וועל איך דערפילן די בקשה פון א. סגולי, און איך וועל צוגעבן צו די ציטאַטן, וואָס ער האָט געבראַכט פון ד. בן־גוריונס בריוו — ווייטערדיקע ציטאַטן וואָס וואַרפן אַ קלאָר ליכט אויפן ענין וואָס מיר באַהאַנדלען איצט און וועלכע באַווייזן דעם גרויסן מרחק וואָס איז צווישן דעם קרעמל פון 1923 (בעתן לעבן פון לענינען און זיין הערשאַפט) און צווישן דעם קרעמל פון 1953 (בעתן לעבן פון סטאַלינען און זיי הערשאַפט).

6. בן־גוריונ׳ס בריוו פון מאָסקווע אין 1923

אין אַ בריוו פון 24.9.1923 שרייבט ד. ב. ג. צום ועד הפועל פון דער הסתדרות:

„אין אָדעס האָב איך מיך געטראָפן מיט צוויי „החלוץ״ חברים וועלכע אַרבעטן אויפן באַוואַסערונגס־פעלד פון אָדעסער החלוץ. אין דערדאָזיקער ווירטשאַפט האָבן פריער געאַרבעט הונדערט מענטשן, מיידלעך און בחורים, און איצטער, צוליב דער פאַרקלענערונג פון דער אַרבעט, אַ זעכציק. אין אָדעס האָט דער החלוץ אויך אַ וואָל־וועבעריי, וועלכע באַ־שעפטיקט אַ פערציק חברים, — אין אָדעסער קרייז געפינט זיך נאָך אַ גאַנצע ריי

חלוצישע קיבוצים: אין זאַכאַראָווקע, אין ריבניצע, אין בערעזאָווקע, אין אָטשאַקאָוו, אין כערסאָן...

...פאַר דער איינאָרדנונג פון דער אויסשטעלונג האָב איך נאָך געהאַט אַ זיצונג מיטן צענטראַל־קאָמיטעט פון פועלי־ציון, דאָס איז די איינציקע אידישע פאַרטיי, וואָס עקזיסטירט אויף אַ לעגאַלן אופן, — זי האָט אַן אָפענעם קלוב (דאָס איז אַ גרויסע און וויכטיקע זאַך אין סאָוויעטישן רוסלאַנד) אויף באַראַכאָווס נאָמען — — —

— — — דער „החלוץ" איז דער וויכטיקסטער און ערנסטער פון אַלע ענינים, וואָס מיר האָבן דאָ, און בלויז צוליב אים איז כדאי געווען צו קומען אַהער, — דער החלוץ עקזיסטירט אין רוסלאַנד זיבט זעקס יאָר, ווי אייך איז באַקאַנט, נאָך פון פאַר דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. דער באָלשעוויסטישער רעזשים האָט אים, פאַרשטייט זיך, נישט געגעבן די מעגלעכקייט צו וואַקסן און זיין אָרגאַניזירט ווי געהעריק. די יעווסעקציע האָט פאַרפאָלגט אונזערע חברים מיט דער גרעסטער שנאה, און דאָך האָט ער זיך אויפגעהאַלטן ביי אַלע באַדינגונגען. אין אָנהויב פון 1922 איז אין כאַרקאָוו צוזאַמענגערופן געוואָרן אַ קאָנפערענץ פון „החלוץ". — זיי האָבן באקומען אַ דערלויבניש פונם „ווציק" * צונויפצורופן אַ לעגאַלן צוזאַמענפאָר. אין „איזוועסטיאַ" איז שוין געווען אָפּגעדרוקט די ידיעה, אַז אין מאַי דאַרף פאָרקומען דער צוזאַמענפאָר. די דאָזיקע ידיעה האָט אויפגעוועקט דעם כעס פון דעם „יעוואַטדיעל" ** וועלכער האָט אָנגעהויבן אַ פאַרצווייפלטן קאַמף קעגן „החלוץ" — און די דערלויבניש איז צוריק גענומען געוואָרן — אָבער די זאַך איז געבראַכט געוואָרן פאַרן פאָליטישן קאָמיטעט פון צ.ק. פון דער ר.ק.פ. (דער דאָזיקער אָרגאַן איז דער אמתדיקער הערשער פון רוסלאַנד), און דער פּאָליטביוראָ האָט אַקצעפּטירט די דערלויבניש, — מיט דער הילף פון קאַמיעניעוון, דער איצטיקער שטעלפאַרטרעטער פון לעונינען — איז געלונגען צו באַקומען די דערלויבניש נאָך מיט אַ חודש צוריק.

דער ערשטער פונקט פונם באַשטעטיקטן סטאַטוס זאָגט:

„די אַלרוסלענדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע „החלוץ" שטרעבט געזונט צו מאַכן דעם אַלגעמיינעם בוי פון די אידישע מאַסן דורך אַריינפירן זיי אין פּראָדוקטיווע אַרבעטס־צווייגן און קאָלעקטיווע לעבנס־פאָרמען און דורך פערזענלעכער באַטייליקונג אין דער אַרבעט, וואָס שטיצט זיך נישט אויף קעגנזייטיקער אויסנוצונג, איבם אויפבוי פונם אַרבעטס־צענטר אין ארץ־ישראל אין דעם קאָנצענטרירונגס־לאַנד פון די אידישע אַרבעטנדיקע מאַסן".

און ד. ב. ג. גיט צו:

„אין פאַרשידענע אידישע און רעגירונגס־קרייזן איז פאַראַן אַ געוויסע סימפּאַטיע צום „החלוץ", — זיין מענטשלעכער מאַטעריאַל איז אַן אויסדערווײלטער. דער „החלוץ" קען דינען אין דער נאָענטסטער תקופה אַלס צענטראַלער ווירקונגס־פאַקטאָר פאַר אונזער גאַנצער אַרבעט אין רוסלאַנד. זיין עקזיסטענץ איז אַן עלעמענטאַרע מאָראַלישע נויטווענדיקייט פאַרן יונגן אידישן דור. דעם רוסישן אידנטום

* צענטראַלער אַלרוסישער אויספיר־קאָמיטעט

** אידישע אָפּטיילונג.

דראָט ביי די איצטיקע באַדינגונגען אַ סכנה פון מאָראַלישן חורבן און גייסטיק־פּאָליטישן אונטערגאַנג. — דער זיגרייכער און הערשנדער קאָמוניזם ציט נישט צו די הערצער * און דער כוח פון ארץ־ישראל, אַלס מקור פון אידעאַליזם און נשמהדיקער, גייסטיקער נערונג — איז נישט פאַרפאַלן געוואָרן טראָץ דעם גאַנצן חורבן און צעשטערונג פונם ציוניזם אין רוסלאַנד. אַ פעסטע אוןווירקונגספולע באַוועגונג פון „החלוץ״ איז לויט מיין מיינונג, אַ באַדינג פאַר דער געזעלשאַפטלעכער און מאָראַלישער אויפלעבונג פונם אידנ־טום אין רוסלאַנד״. (די אונטערשטרייכונג אינם אָריגינאַל).

ב. ג. האָט אונטערגעשטראָכן אין זיין בריוו די נויטווענדיקייט פון ציוניסטישער אויפקלערונג אין די רעגירונגס־קרייזן און ער שרייבט צום ועד־הפועל:

„איך וועל מיך נישט פאַרנעמען מיט זאָגן נבואות, אָבער איך האָב אַ טיפן און קלאָרן באַוואוסטזיין, אַז די עקזיסטירנדע מאַכט אין רוסלאַנד איז נישט קיין פאַר־איבערגייענדע זאַך, זי וועט נישט פאַלן און עס איז נישטאָ קיינער, ווער עס זאָל זי אַראָפּוואַרפן. צי זי איז גוט צו שלעכט — זי איז די איינציקע. עס וועט נישט זיין קיין אַנדער מאַכט אין דער תקופה פון די נאָענטסטע יאָרן (די אונטערשטרייכונג אין אָריגינאַל). אויב דער ציוניזם טאָר נישט אַריינפאַלן אין פאַר־צווייפלונג און מוותר זיין אויפן רוסישן אידנטום — און אין דער טיפעניש פון מיין באַוואוסטזיין בין איך זיכער און איך פיל, אַז עס וואָלט געווען אַ נאַרישקייט און פאַרברעך אַזאַ מין פאַרציכטונג און פאַרצווייפלונג — קען ער נישט און ער האָט נישט דאָס רעכט צו פאַרנאַכלעסיקן די ציוניסטישע אויפקלערונג אין סאָוויעטישן רוסלאַנד, די אויפקלערונג אין די קרייזן פון דער רוסישער מאַכט״.

אין בריוו פון 11.10.1923 שרייבט ד. ב. ג.

„וועגן אונזער אויסשטעלונג — זי האָט, אין אַלע הינזיכטן, אויס־געפירט איר שליחות פולקאָם (די אונטערשטרייכונג אין אָריגינאַל) אין אַזאַ מאָס, וואָס אַפילו איך דער אָפּטימיסט, האָב מיר עס נישט פאָרגעשטעלט. צענדליקער און צענדליקער טויזנטער באַזוכער, אייגענע און פרעמדע, פון אַלע עקן רוסלאַנד. — די אידן — פאַר זיי איז דאָס אַ ווינקל פון ליכט, טרייסט און האָפנונג. עס זיינען געקומען אידישע עקסקורסיעס פון אַלע יוגנט־קרייזן פון אַ סך שטעט — דער אָפּקלאַנג פון דער אויסשטעלונג אין אונזערע רוסישע תפוצות איז אַ גראַנדיעזער״.

אין בריוו פון 28.8.1923 שרייבט ער:

„היינט האָב איך באַזוכט אין דער באַגלייטונג פון ראַקאָוון דעם צענטער פון דער לאַנדווירטשאַפט און באַוואַלדערונגס אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע (וו.צ.ס.פ.ס.) דער פאַר־זיצער פונם צענטראַל קאָמיטעט, אַנצילעוויטש, האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר מיר אַלס איד, — ווען איך האָב זיי געזאָגט, אַז אין ארץ־ישראל רעדן די אַרבעטער העברעיש, האָט מיר אַנצעלעוויטש דערציילט מיט שטאָלץ און פאַרגעניגן, אַז אין רוסלאַנד עקזיסטירט אַ העברעיש טעאַטער אויפן חשבון פון דער רעגירונג — „הבימה״.

* אין אַן אנדער בריוו, פון 5.9.1923 האָט ד. ב. ג. איבערגעגעבן אָפיציעלע ציפערן וועגן דער צאָל אידן אין דער קאָמוניסטישער פאַרטיי — 19,564 חברים אין דער פאַרטיי, וועלכע האָט דאַן געציילט 375,693 מיטגלידער. (דאָס הייסט 5,2%).

אין אַ בריוו פון 4.10.1923 שרייבט ער:

„אין דער פרי האָב איך באַזוכט לאַזאָווסקין (דער הויפּט פּראָפינטערן) אין זיין ביוראָ. — איך האָב אים געפרעגט זיין מיינונג אין דער עליה־פּראָגע. איך האָב אים דערציילט וועגן דער שטעלונג פון אונזער פ.ק.פּ. (מק"י פון יענע צייטן) קעגן דער עליה. „דאָס איז אַן אַנטי־קאָמוניסטישע שטעלונג", האָט ער געזאָגט".

אין אַ בריוו פון 5.10.1923 ווערט דערציילט:

„נעכטן האָב איך באַקומען אַן איבעראַשנדע מתנה פון כאַרקאָוו: אַ העברע־ישן זאַמלבוך, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן די לעצטע טעג מיט אַ דיזרלויבניש, „צלצלי שמע". צו דער בראַשור איז געווען צוגעלייגט אַ בריוו מיט אַזאַ אינהאַלט: „חברים — אין אונזער אָרעמער מתנה שיקן מיר אייך די פּרוכט פון אונזער גייסט, וואָס איז רייף געוואָרן אין משך פון די רעוואָלוציע־יאָרן, ווי אַ פּאַראייניזאַמטער אינזל אינעם ים פון אַפּאַטיע און אויך שנאה צו דער העברעישער שפּראַך און ליטעראַטור אין דערשינען דאָסדאָזיקע זאַמלבוך אונזערס — אַ גרופּע שרייבער אין כאַרקאָוו".

אין בריוו פון 2.11.1923 ווערט דערציילט וועגן דזשוינט אין רוסלאַנד: —

„די סעקציע (די אידישע אָדער די יעווסעקציע) איז נישט טעטיק און ווירקט נישט, טראָץ דעם רעגירונגס־כּוח און די סך מיטלען וואָס זי פּאַרמאָגט. אַ דאַנק דעם הונגער און די הילף פון אויסלאַנד האָט די יעווסעקציע באַקומען פון די בורזשואַזע אינסטיטוציעס אין אויסלאַנד, בעיקר פון דזשוינט, אַ סך מיטלען, די אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן זיך געפונען אין זייערע הענט זיינען געווען אין אַ סך בעסערן מאַטעריעלן צושטאַנד, ווי די ענלעכע אינסטיטוציעס ביי אַנדערע פעלקער, ביז דאָס האָט אַפילו אַרויסגערופן קנאה פון אַנדערע פעלקער, וואָס זייער מאַטעריעלער צושטאַנד איז געווען אַ נידעריקער".

דעם 7.11.1923 שרייבט ד. ב. ג. וועגן זיין אַנוועזנהייט אויף דער פייערונג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע: — „אַלע טיילן פון דער אַרמיי האָבן געדאַרפט פּאַרבייגיין מאַסנהאַפט פאַרן הויפּט פון מיליטעריש־רעוואָלוציאָנערן ראַט און אַרמיי־און־פלאָט־קאָמיסאַר — לייב בן־דוד טראָצקי. דער אַריינגאַנג אויפן פּלאַץ איז געווען דערלויבט נאָר מיט ספּעציעלע בילעטן. נעכטן האָט מען מיר געגעבן אַזאַ ספּעציעלן בילעט. — היינט האָב איך מיך אויפגעהויבן זייער פרי, כדי נישט צו פאַרשפּעטיקן און זען אַלץ. — פאַרן אַריינגאַנג אויפן פּלאַץ, אויפן מאָסקוואָרעצקער ברעג, האָבן מיך יעדעס מאָל אָפּגעשטעלט מיליטער־לייט, אָבער מיין בילעט האָט מיך אַדורכגעפירט. מען האָט מיר אָנגעוויזן מיין אָרט ביי דער וואַנט פון קרעמל. איך בין געשטאַנען ביי דער אויפגעשטעלטער בינע פאַר די רעדנער, אַנטקעגן דעם דענקמאָל פון מינין און פּאָזשאַרסקי. — אין דער „איזוועסטיאַ", וואָס איך האָב באַקומען, האָב איך געזען אַ מעלדונג, אַז צוליב זיין קרענק וועט טראָצקי נישט קומען, און אַנשטאָט אים, וועט אויפנעמען דעם מיליטערישן פּאַראַד ל. ב. קאַמיעניעוו. ווען איך האָב איבערגעגעבן דידאָזיקע ידיעה די מענטשן וועלכע זיינען געשטאַנען אַרום מיר — האָט זיך דערפילט אַ גרויסע אַנטוישונג — עס איז צוגענומען געוואָרן דער גאַנצער עיקר פון דער פייערונג. מיט וויפל צער האָבן גערעדט די וואָס האָבן מיך אַרומגערינגלט וועגן דער אָפּוועזנהייט פון טראָצקין, ווי עס וואָלט צוגענומען געוואָרן די גאַנצע פּראַכט פונם פּאַראַד".

אין בריוו פון 18.11.1923 דערציילט ד. ב. ג. וועגן העברעישן טעאַטער אין מאָסקווע:

„נעכטן האָב איך געזען דעם „הדיבוק״ אין „הבימה״. איך בין געפאָרן אין „הבימה״ מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ — מיט שרעק בין איך אַריין אינם נישט־גרויסן הויז. איבער זיין טיר האָט זיך געפונען אַ העברעישע אויפשריפט „הבימה״. מיין אויג האָט באַלד צוגעצויגן אַ צווייטע העברעישע אויפשריפט „הקופה״ אויפן גלאָז פון דעם קאַסע־פענסטערל, — איז דאָס אַלץ טאַקע געווען אין מאָסקווע פון 1923? — פון אַלע זייטן דערגייען צו מיר די קלאַנגען פון דער העברעישער שפּראַך. דער רוסישער דירעקטאָר האָט מיר איבערגעגעבן דעם ערן־בילעט, און איך בין אַריינגעגאַנגען אינם קליינעם זאַל, וועלכער האָט פאַרמאָגט הונדערט און צוואַנציק זיץ־ערטער. און מיין האַרץ האָט געקלאַפּט. אַלע בענק, די ווייניקע געציילטע בענק זיינען געווען באַזעצט. עס האָט זיך דערהערט אַ טרויעריקער און אומעטיקער געזאַנג: „מפני מה הנשמה יורדת למטה?״ (פאַרוואָס נידערט אַראָפּ די נשמה אויף דער ערד?״). עס האָט זיך אויפ־געהויבן דער פאָרהאַנג און אויף די בית־מדרש בענק, ליגן די בטלנים, וואָס יעדער בויג, יעדער ריר, פּנים־קנייטש, האַנט־באַוועגונג, פּנים־אויסדרוק, יעדער ניגון — איז אַ גאַנצער אוצר פון יענע ווייטע־נאָענטע טעג אונזערע, וועלכע זיינען אַוועק און וועלן שוין מער נישט צוריק קומען, — איך בין אינגאַנצן איינגעהילט אין דעם מעכטיקן אויפציטערנדיקן רושם פון די שטיקלעך אינערלעך לעבן פון די סך אידישע דורות, וואָס וויקלען זיך פאַר מיר פונאַנדער מיט גראַנדיעזן און טיפן קינסטלערישן כוח, פון דער אַלטער אידישער נשמה, וואָס ראַנגלט זיך צווישן די ווענט פון בית־המדרש, — און אַ געפיל פון אַ נס, פון אַ וואונדער האָט מיך אַרומגענומען — איז דאָס מעגלעך? אָט דער שפּיל און דידאַזיקע בינע אין די באַדינגונגען פון אונזער צייט, אין דער רוסישער און קאָמוניסטישער מאָסקווע, צווישן דעם „נעפּ״ישן — יעווסעקישן אידנטום? איך בין פאַרטויבט, דערציטערט, צעטומלט — — —

די „הבימה״ האָט אַ דערלויבנישט אַרויסצוגעבן אַ העברעישן קינסט־לערישן זשורנאַל, — מען פירט איצט מיט איר אונטערהאַנדלונגען. פאַר דער „הבימה״ גרייטן צי פּיעסן שניאור, אַש, פּיכמאַן״.

אין אַ בריוו פון 22.11.1923 גיט איבער ד. ב. ג. פּרטים וועגן דער טעטיקייט פון „החלוץ״ און זיינע אָפּטיילונגען און ווירטשאַפטן אין פאַרשידענע טיילן פון רוסלאַנד.

מען דאַרף אָנעמען, אַז א. סגולי האָט געלייענט דידאָזיקע אַלע זאַכן. אַ העברעיש טעאַטער אין מאָסקווע, דער „החלוץ״ מיט דער דערלויבניש פון פּאָליטביוראָ, טראָצקי דער אַמייסטן באַליבטער מענטש אין רוסלאַנד נאָך לענינען, קאַמיעניעוו, לעבינס פאַרטרעטער אין דער רעגירונג, לאַזאָווסקי דער איד אין שפּיץ פון פּראָפאינטערן, זינאָוויעוו אין שפּיץ פון קאָמינטערן, הכשרה־לאַנדווירטשאַפטן פון „החלוץ״ אין די אידישע שטעטלעך, פאַרשטייער פון דער הסתדרות העובדים ווערן אויפגענומען מיט גרויס כבוד אין מאָסקווע, טראָץ דעם ווידערשטאַנד פון דער יעווסעקציע, אידישע טאָג־צייטונגען דערשיינען אין מאָסקווע, אין קיעוו און אין מינסק, אין וויטעבסק און אין האָמעל דערשיינען צוויי וואָכנבלעטער אין אידיש. אויפן צוזאַמענפאָר פון די אידישע קולטור־טוער אין אוקראַינע (לויטן בריוו פון ד. ב. ג. פון 2.9.1923) איז איבערגעגעבן געוואָרן אַ באַריכט וועגן 759 דערציאונגס און בילדונגס אַנשטאַלטן מיט אידיש אַלס לערן־שפּראַך.

ווען א. סגולי האָט געלייענט דידאַזיקע בריוו פון יאָר 1923 — האָט ער זיך געשטעלט די פראַגע, וואָס איז געשען פון זינט דעמאָלסט מיט די רוסישע אידן, מיטן „החלוץ", מיטן העברעאישן טעאַטער, מיט דער אידישער דערציאונג, מיט דער אידישער פרעסע, מיט די אידישע שרייבער, מיט די אידישע פירער פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי — טראָצקי, קאַמיענעוו, זינאָוויעוו, ראַדעק און אַנדערע?

7. פאַרוואָס האָט בן־גוריון נישט פאָראויסגעזען אין 1923 צו וואָס עס וועט דערגיין אין רוסלאַנד אין 1953

מען קען, פאַרשטייט זיך, האָבן טענות צו ב. ג., פאַרוואָס האָט ער דאַן, אין יאָר 1923, נישט געשריבן צום ועד הפועל פון דער הסתדרות, אַז אין 13—14 יאָר אַרום וועט דער גרעסטער טייל פון לעצינס חברים, מיטהעלפער און פריינט פאַראורטיילט ווערן צום טויט, און סטאַלין וועט ווערן דער איינציקער הערשער אין רוסלאַנד, און אויך די פאַרטייאישע דעמאָקראַטיע וועט אונטערדריקט און דערשטיקט ווערן, אַז דער צוזאַמענפאָר פון ר.ק.פ. וועט זיך שוין מער נישט צוזאַמענקומען, און אַז עס וועט צעשטערט ווערן יעדער סימן און יעדער איבערבלייב פון אידישן לעבן, און אַז די טויערן פון רוסלאַנד וועלן געשלאָסן ווערן פאַר יעדן אַריינקומענדיקן און פאַר יעדן אַרויסגייענדיקן, און אַז אין יאָר 1939 וועט סטאַלין שליסן אַ בונד מיט היטלערן, און אַז אין יאָר 1952 וועט מען אויפבושעווען אַ שנאה צו אידן אין מאָסקווע און עס וועט פראָקלאַמירט ווערן אַן עלילת־דם אויף אידישע דאָקטוירים און אויפן דזשוינט און אויף דער ציוניסטישער באַוועגונג. יאָ, קורצזיכטיק איז געווען דער מענטש, וואָס פאַרנעמען איצט דעם פאָסטן פונם פרעמיער־מיניסטער אין ישראל, ווייל ער האָט נישט געוואוסט אין יאָר 1923, ווי עס האָט אויך נישט געוואוסט קיין איינציקער מענטש אין רוסלאַנד און אין דער גאַנצער וועלט, אַז לעצינס יורש וועט זיין סטאַלין, און אַז לעצינס שטרעבונג צו אַ געזעלשאַפטלעכע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און אין דער גאַנצער וועלט וועט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ רוסישער שאָוויניסטישער שטרעבונג פאַר אימפּעריאַליסטישע דעראָבערונגען, פאַר אַ מלחמה מיט פינלאַנד, פאַר פאַרנעמען מיט כוח ליטע, לעטלאַנד, און עסטאָניע און פאַר דעראָבערן פוילן, רומעניע, בולגאַריע, אונגאַרן און טשעכיע אונטער דער מאַסקע פון „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס".

מען קען נישט מוחל זיין דעמדאָזיקן מענטש, ד. ב. ג. דאָס, וואָס ער האָט נישט פאָרויסגעזען אין יאָר 1923 אָט די אַלע זאַכן און אויך דאָס, וואָס ער האָט געזוכט, אין לעצינס צייטן, וועגן און מיטלען וויאַזוי אויפצוהאַלטן אַ ציוניסטישע, חלוצישע און העברעישע באַוועגונג אויך צווישן רוסישן אידנטום.

אמת איז, אַז אין יענע בריוו, וועלכע א. סגולי האָט געלייענט, האָט ד. ב. ג. אויסגעדריקט ביטערע ספקות וועגן דער צוקונפט פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, נאָכדעם ווי ער האָט געהערט וועגן לעצינס טויט אויף זיין וועג קיין ארץ־ישראל. „איז דען דער גורל פון לעצינען, — דעם נביא פון דער רוסישער רעוואָלוציע, איר פירער און לערער, איר הערשער און וואָרטזאָגער, איר געזעצגעבער און אָנפירער — נישט דער סימבאָל פון דעם קאָמוניסטישן רוסלאַנד? — דערדאָזיקער אייזערנער מענטש איז באַזיגט געוואָרן, ער איז געפאַלן, אַ ביטערע קרענק, וואָס ער האָט איבער־גענומען מיטן בלוט פון זיינע עלטערן, האָט פאַרשניטן דעמדאָזיקן ריז — דער

קאַפּיטאַן איז פּראַקטיש געוואָרן גאָר ביי זיין לעבן — און די שיף, וועלכע ראַנגלט זיך מיט דער וועלט־סטיכיע, וואָס וועט זיין מיט דער שיף? וועט זי האָבן גענוג כוח צו דערגיין צום צווייטן ברעג — בשעת זי ווערט צעפּרעסן פון קעגנזאַצן?״.

די אידישע האָפנונגען וועלכע האָבן זיך דערוועקט דאַן אין די הערצער פון ד. בן־גוריון און ד. רמז, צוליב דעם וואָס דער החלוץ איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן פּאָליטביוראָ און צוליב דער עקזיסטענץ פונם העברעישן טעאַטער אין מאָסקווע — האָבן אַנטוישט, ווי עס האָבן אַנטוישט די סאָציאַליסטישע האָפנונגען, וועלכע די אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט האָבן דאַן פאַרבונדן מיט דער רעוואָלוציע, וואָס עס האָבן געמאַכט לענין און טראָצקי אין רוסלאַנד, ווייל די קאָמוניסטישע רעוואָלוציע איז פאַרפעלשט געוואָרן און דער טרעגער פון דער פאַרפעלשונג און איר פאַרווירק־לעכער — איז געווען סטאַלין.

דער ערשטער קערן פון דערדאָזיקער פאַרפעלשונג איז פאַרזייט געוואָרן דורך לענינען זעלבסט. עס איז אומעגלעך אויפצוהאַלטן אַ דעמאָקראַטיע אין דער פּאַרטיי, ווען עס איז נישט פאַראַן קיין דעמאָקראַטיע אינם קלאַס און אינם פאָלק. און די דיקטאַטור פון דער פּאַרטיי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דיקטאַטור פון אַן איינ־צעלנעם. — דידאָזיקע זאַך האָט סטאַלין אַדורכגעפירט מיט כיטרעקייט, מיט עקשנות און מיט אַכזריות און אָן שום געוויסן. אין לענינס האַנט איז די מאַכט געווען אַ מיטל צום ציל, אין די הענט פון סטאַלין איז די מאַכט געוואָרן דער ציל. און צוליב דעם זיינען געטויט געוואָרן אַלע הויפּט־אָנפירער און חברים פון לענינען, און אָנשטאָט אַ געזעלשאַפטלעכע רעוואָלוציע איז אויפגעשטאַנען תחית המתים די אַלטע פּאָליטיק פון די רוסישע צאַרן: באַוואָפנונג און דעראָבערונגען. און אין זיי — האָט סטאַלין נישט אַנטוישט.

און גערעכט איז א. סגולי: עס איז פאַראַן אַן אונטערשיד און אַ גרויסער מהלך צווישן די ווערטער, וואָס זיינען געזאָגט געוואָרן וועגן ראַטנפאַרבאַנד אין יאָר 1923 — און צווישן די ווערטער, וואָס מען דאַרף זאָגן אין 1953. דער נאָמען האָט זיך נישט געענדערט אין משך פון דידאָזיקע דרייסיק יאָר, אָבער צווישן די צוויי תקופות — די תקופה פון לענינען און די תקופה פון סטאַלינען — איז פאַראַן אַן אָפּגרונט און נאָר פאַרבלענדטע זעען אים נישט.

## אינהאַלט: